פאַרלאַג „אַוואַנגאַרד“
נומער 5

# די באָלשעוויקעם און די סאָוויעטען

פון

אַלבערט ר. וויליאַמס

אידיש פון
מ. ציפּין

ארויסגעגעבען פון דער
אידישער גרופּע אינטערנאַציאָנאַלע .
סאָציאַליסטען פון אַמעריקא
ניו יאָרק, 1919.



פּרייז 15 סענט

# די באָלשעוויקעס און די סאָוויעטען

די איצטיגע רעגיערונג פון רוסלאַנד.

וואָס די סאָוויעטען האָבען אויפגעטאָן.

די שוועריגקייטען וואָס די סאָוויעטען האָבען דורכגע-
מאַכט.

זעקס אנקלאגען געגען די סאָוויעטען.

די סאָוויעט-פיהרער און די באָלשעוויקעס.

די רוסען און די אַמעריקאַנער.

אַלבערט ר. וויליאמס איז געווען אַ קריעגס־קאָרעספּאָנדענט אין בעלגיען און איז דער פאַרפאַסער פון דעם בוך „אין די נעגעל פון דעם דייטשען אָדלער“. ער איז געפאָהרען נאָך רוסלאַנד און פאַר פופצעהן מאָנאַטען צייט האָט ער געלעבט אין די דאָרטיגע דערפער מיט די פויערען, אין דער רויטער אַרמיי מיט די סאָלדאַטען און אין די פאַבריקען מיט די אַרבייטער. ער האָט זיך נאָהענט באקענט מיט דעם רוסישען פאָלק און האָט זיך נאָהענט באקענט מיט לענינ'ען, טראָצקי'ן און די אַנדערע פיהרער. זיינע רייזען איבער רוסלאַנד האָבען איהם געבראַכט אין די געגענדען פון דער שעהנער „מוטער“ וואָלגאַ, אין די פּראַכטפולע סטעפּעס פון אוקראַינע, אויף די ברעגען פון דניעפּר. ער האָט באזוכט אַלע גרעסערע שטעדט פון רוסלאַנד, פאָהרענדיג דערנאָך זעקס טויזענד מייל איבער דער סיבירער באַהן־ליניע.

ער האָט אַדרעסירט די רוסישע סאָלדאַטען אויף דעם פראָנט, גרויסע מאַסען־פאַרזאַמלונגען אין דעם פאָלקס־הויז פון פעטראָגראַד און אין דעם צירק מאָדערען און די מאַטראָזען פון דער באַלטישער פלאָטע. ווען די דייטשען האָבען זיך אָנגעהויבען צו דערנעהנטערען צו פעטראָגראַד האָט ער אָרגאַניזירט דעם אינטערנאַציאָנאַלען לעגיאָן פאַר דער פאַרטיידיגונג פון דער רויטער הויפּט־שטאָדט. אין דעם קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערליכע אנגעלעגענהייטען האָט ער געהאָלפען צוצוגרייטען די פּראָפּאַגאַנדא מאַטעריאַלען, וואָס זיינען דערנאָך אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין דייטשלאַנד און האָבען דאָרט אויפגעבורעט די רעוואָלוציע.

מאַנכע פון זיינע ערפאַהרונגען האָט מר. וויליאמס באַשריבען אין אַ רייהע אַרטיקלען אין „ניו רעפּאָבליק“, אין דער „ניישאָן“ און אין אַנדערע זשורנאַלען. אין פאַרלויף פון זיינע רעדעס אין דער טשוירטש אוו אַסענשאַן אין ניו־יאָרק און אין פאָרד האָל אין באָסטאָן האָט מען איהם געשטעלט אַ רייהע פראַגען. אויף מאַנכע פון דיזע פראַגען ווערען דאָ געגעבען קורצע ענטפערס.

# די באָלשעוויקעס און די סאָוויעטען

# די איצטיגע רעגיערונג פון רוסלאַנד

וואָס פאַר אַ רעגיערונג הערשט איצט אין רוסלאַנד?

אַן אינדוסטריעלע רעפּובליק. די ערשטע רעגיערונג פון די אַרבייטער־מאַסען וואָס די וועלט האָט ווען געהאַט; אַ רע־גיערונג פון אַרבייטער און פאַר אַרבייטער.

ווען איז דיזע רעגיערונג עטאַבלירט געוואָרען?

איבער אַ יאָהר צוריק. צו זיין פּינקטליך, דעם 7טען נאָ־ווועמבער, 1917.

וואו איז די הויפּט־שטאָדט פון דיזער רעגיערונג?

אין מאָסקווע, אין דעם קרעמעל.

דער קרעמעל איז אַ ציטאַדעל מיט אַגרויסע צאָהל שעהנע קירכען, פּראַכטפולע טורעמס, גילדערנע און גרינע קירכען־קעפּ, גרויסע גלאָקען און קאַנאָנען און אַ סך קונסט־אוצרות. אין רוסלאַנד זאָגט מען „איבער מאָסקווע איז דער קרעמעל און איבער דעם קרעמעל זיינען בלויז די שטערען.“ אָבער איצט פלאַטערען איבער דעם קרעמעל די רויטע באַנערס פון דער נייער אינדוסטריעלער רעפּובליק: „לאַנג לעבען זאָל דער פאַרבאַנד פון סאָלדאַטען, אַרבייטער, מאַטראָזען, פּויערען און אַרבייטענדע קאָזאַקען“ און „הוראַ פאַר דער ברודערשאַפט פון די אַרבייטער פון דער וועלט!“

וואָס איז די פאָרמע פון דער רוסישער רעגיערונג?

עס איז אַ רעגיערונג פון סאָוויעטען.

ווי אַזוי ווערט אַ סאָוויעט צוזאַמענגעשטעלט?

אנשטאַט צו ערוועהלען פאָרשטעהער אין די שטים־פּלע־צער, ווערען זיי אין רוסלאַנד ערוועהלט אין די שעפּער און אין די יוניאָנס. צום ביישפּיעל, יעדע פינף הונדערט אַרבייטער פון אַן אַמוניציאָנס־פאַבריק האָבען ערוועהלט אַ דעלעגאַט. די שוך־פאַבריק ערוועהלט אַ דעלעגאַט, און דאָס זעלבע איז ריכטיג אין באַצוג די קליידער־אַרבייטער, די ציעגעל־אַרבייטער, די

גלאָז־אַרבייטער און אַרבייטער פון אַלע אַנדערע אינדוסטריען, וואָס געפינען זיך אין דער געוויסער שטאָדט. די פאַרשיעדענע יוניאָנס טוען דאָס זעלבע. די רעגימענטען פון די סאָלדאַטען און פון די מאַטראָזען ערוועהלען אויך זייערע דעלעגאַטען; דאָס גלייכען טוען די לעהרער, די פאַרשיעדענע אָנגעשטעלטע, די אינזשינירען און עהנליכע, וואָס זיינען אָרגאַנאַזירט.

## איז דאָס אַן אמת, אַז די סאָוויעטען ערלויבען ניט אַלעמען צו שטימען?

עס איז אמת איצט. די וואָס עקספּלואַטירען די אַרביי־טער, די ליידיגגעהער וואָס לעבען פון פּראָצענטען, מיטגליעדער פון דעם צאַר'ס משפחה, פאַרברעכער און משוגעים, זיינען ניט ערלויבט צו שטימען אין רוסלאַנד. דער שלאַג־וואָרט פון דעם סאָוויעט איז „אַ שטימע פאַר יעדען איינעם וואָס אַרבייט". אין גיכען וועט אָבער יעדער איינער אין רוסלאַנד אַרבייטען אום צו לעבען און דאָס מיינט, אַז יעדער מאַן אָדער פרוי אין דעם עלטער פון איבער אַכצעהן יאָהר וועט האָבען אַ רעכט צו שטימען. זאָגאַר איצט האָבען אין רוסלאַנד אַ רעכט צו שטימען פינף־און־ניינציג פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, ווערענד אין אַמעריקא האָבען אויף דעם אַ רעכט בלויז פינף־און־זעכציג פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג.

## וויפיעל סאָוויעטען זיינען דאָ אין רוסלאַנד?

עס איז דאָ אַ סאָוויעט אין יעדער שטאָדט, אין יעדען דאָרף, אין יעדער געגענד און אין יעדען אויעזד אין רוסלאַנד.

ווען מיר זיינען געפאָהרען מיט דעם עקספּרעס־צוג פון דער סיבירער באַהן־ליניע איבער די גרויסע אייזערנע בריקען, איבער די אוראַלער בערג און איבער די סטעפּעס, האָבען מיר דורכ־געקרייצט אַ לאַנד פון סאָוויעטען. די באַהן־אַרבייטער האָבען גערעדט פון זייערע סאָוויעטען, די פּויערען פון זייערע, און די מינען־אַרבייטער האָבען אונז באַגריסט אין דעם נאָמען פון זיי־ערע סאָוויעטען. מיר האָבען קאָנפערירט מיט דעם סאָוויעט פון צענטראַל־סיביר און מיט דעם סאָוויעט פון ווייטען מזרח. עס איז געווען אַ סאָוויעטען־וועלט די וואָס מיר זיינען דורכ־געפאָהרען, און ווען מיר האָבען אַראָפּגעשטיגען פון אונזער צוג

אין װלאַדיװאָסטאָק, האָבען מיר דאָרט געפונען אַ סאָװיעט, װאָס איז געװען אַ טרייע קאָפּיע פון דעם פּעטראָגראַדער סאָװיעט, ניט קוקענדיג אויף דעם װאָס צװישען דיזע צװיי שטעדט איז אַ שטרעקע פון זיעבען טויזענד מייל.

קיין מערקווירדיגערע ערשיינונג איז נאָך ניט געװען אין דער מענשליכער געשיכטע װי אָט דיזער פאַקט. אין איין װאָך צייט איז אַ זעקסטעל פון'ם ערד־קוגעל, יעדע שטאָדט און יעדער דאָרף, באַדעקט געװאָרען מיט דיזען נייעם אַפּאַראַט פון מענש־ליכען צוזאַמענלעבען, װאָס האָט אַזוי בולט אַרויסגעװיזען זיין גרויסען װערט, װאָס האָט אַזוי פאָלקאָמען באַזיעגט זיינע געג־נער, װאָס איז אַזוי װידערגעשטאַנען אַלע קלעפּ פון דער זייט, און װאָס האָט נאָך פּופּצעהן מאָנאַטען צייט באַװיזען צו הערשען פאָלקאָם איבער יענער גרויסער שטרעקע פון װייסען ים אויף צפון זייט ביז דעם שװאַרצען ים אויף דרום זייט, פון פּעט־ראָגראַד אויף דעם באַלטישען ים ביז װלאַדיװאָסטאָק אויף דעם פּאַסיפישען ים.

אויף װאָס פאַר אַן אופן קענען די בירגער פון רוס־לאַנד אויספיהרען, אַז זייערע פאָרשטעהער אין די סאָ־װיעטען זאָלען טאָן דאָס װאָס זיי װילען אַז זיי זאָלען טאָן ?

אַ סיגנאַל פון דעם פאַבריק־פייפעל רופט צוזאַמען די אַר־בייטער צו אַ פאַרזאַמלונג. אָדער די אָרגאַניזאַציאָן פון די לעהרער אָדער די יוניאָנס האַלטען אָפּ אַ רעגולערען מיטינג. און דאַן דערצעהלען זיי זייער פאָרשטעהער װאָס זיי ערװאַרטען פון איהם אַז ער זאָל טאָן. אויב ער האַנדעלט ניט אין איינ־קלאַנג מיט זייערע פאַרלאַנגען קלייבען זיי אויס אַן אַנדערען. צום ביישפּיעל, אין יולי חודש 1917 זיינען אין די פּעטראָגראַ־דער צייטונגען פאַרעפענטליכט געװאָרען געװיסע פּאַפּיערען, אין װעלכע עס איז באַהויפּטעט געװאָרען אַז די באָלשעװיקעס זיינען דייטשע אַגענטען. די אַרבייטער פון די פאַבריקען האָבען דאַן גלייך צוריקגערופען זייערע באָלשעװיסטישע פאָרשטעהער און האָבען אויסגעקליבען מענשעװיקעס אויף זייער אָרט. שפּעטער־צו, װען מען האָט אויסגעפונען אַז דיעזע פּאַפּיערען זיינען געװען ליגענס און פעלשונגען, האָבען די אַרבייטער געשיקט צוריק אין

די סאָוויעטען זייערע אַלטע באָלשעוויסטישע פאַרשטעהער און הונדערטע פרישע צו זיי.

**דאָס איז אַלץ וועגען די שטאָדט־רעגיערונגען, אָבער וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די אַל־רוסישע רעגיערונג?**

יעדער לאָקאלער סאָוויעט קלייבט אויס א דעלעגאט צו דער אַל־רוסישער פארזאמלונג פון סאָוויעטען, וועלכע פארזאַמעלט זיך אומגעפעהר אַלע דריי חדשים אין מאָסקווע.

„די דעלעגאטען קומען פון דעם ווייטען צפון, וואו עס איז כמעט כסדר קאַלט, און פון קרים, וואו עס איז כמעט אַלע מאָל ווארים.

„עס זיינען געווען צווישען זיי פישער פון לענא און פאַס־טוכער פון קאַווקאַז. עס זיינען געווען צווישען זיי די קליין־רוסען, יונגען מיט פרעהליכע נשמות, מיט בלויע אויגען און מיט ליכטיגע האָר, וואָס קומען פון א לאַנד וואו די זון שיינט כמעט אימער און וואו די פעטע ערד גיט א סך. עס זיינען צווישען זיי געווען גרויס־רוסען, פאַרהאַרטעוועט אין שווערע ארבייט, מיט דעם קאַמף געגען דער מאָגערער ערד אויסגעקריצט אויף זייערע פנים׳ער. צואוואָרפען צווישען זיי זיינען געווען ליכטיג־האָריגע קאָזאַקען פון דאָן און טונקעל־קאָלירטע קאָזאַקען פון די אוראַלען, אין וועלכע מען קען דערקענען דאָס טאָ־טערישע בלוט פון די שמאָלע, עטוואָס קרומליכע אויגען און פון דעם קאָליר פון זייער פעל. מאַנכעסמאָל האָט איהר געזעהען אַן עסטאָניער, א פאָלאַק, א ליטווין, אָדער א מיטגליעד פון די אונצעהליגע שבטים פון סיביר. דאָס גאַנצע רוסלאַנד איז געווען פארזאַמעלט אונטער דיזען דאַך.“ — „דאָס רויטע הארץ פון רוס־לאַנד“ פון בעסיע ביעטי.

**וואָס טוען אָט דיזע אַלע אַרבייטער, סאָלדאַטען און פויערען אויף דער אַל־רוסישער פאַרזאַמלונג?**

זיי באַשליסען וועגען אַלע גרויסע פאָלקס־פראַגען, ווי מלחמה, שלום, לאַנד, האַנדעל א. אַז. וו. ווען דיזע פאַרזאַמ־לונג ענדיגט איהרע זיצונגען לאָזט זי איבער אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַן ערך 250 מיטגליעדער, א קערפּערשאַפט וואָס איז עהנליך צו דעם אמעריקאַנער קאָנגרעס.

וואָס זיינען די פליכטען פון דיזער עקזעקוטיוו קאָ־מיטע?

זי נעהמט אָן געזעצען. איינע פון איהרע הויפּט־פליכטען איז צו באשטימען, צו ענטזאגען און צו קאָנטראָלירען דעם ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסארען, א קערפּערשאַפט וואָס איז עהנליך צו דעם אמעריקאנער קאבינעט.

וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען דעם אמעריקא־נעם קאַבינעט און דעם ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרען?

די מיטגליעדער פון דעם אמעריקאנער קאבינעט ווערען באשטימט פון דעם פּרעזידענט. די מיטגליעדער פון דעם רו־סישען ראַט פון פאָלקס־קאָמיסארען ווערען ערוועהלט פון פאָלק.

וואָס איז די געהאַלט פון די קאָמיסאַרען פון דער סאָוויעטען־רעגיערונג?

די גרעסטע געהאַלט, וואָס אירגענד וועלכער בעאַמטער פון דער סאָוויעטען־רעגיערונג קריגט, איז זעקס הונדערט רובעל א חודש.

אונטער דער אַלטער רעגיערונג האָבען די בעאַמטע גע־קראָגען אונגעהויער גרויסע געהאַלטען, די מייסטע פון זיי האָבען געקראָגען אַזוי פיעל יערע וואָך וויפיעל עס קריגען די איצטיגע סאָוויעט בעאַמטע אין א יאָהר. די באָלשעוויקעס האָבען ער־קלערט, אַז די געהאַלט פון אַ בעאַמטען פון אַן ארבייטער־רע־גיערונג טאָר ניט זיין העכער ווי די געהאַלט פון דעם דורכ־שניטליכען אַרבייטער. זיי האָבען מורא געהאַט פאַר דער שאַר־פער גרעניץ וואָס מוז געשאַפען ווערען צווישען אַ גוט־באצאָהל־טען בעאַמטען, וועלכער קען זיך פארגינען א לוקסוס־לעבען, און די ארבייטער וואָס קריגען בלויז גענוג אויף צו לעבען. זיי האָבען געוואָלט פארמיידען דעם געבורט פון אַ נייער ביוראָ־קראַטיע. זיי האָבען געוואָלט ענטמוטיגען דעם קאריעריזם אין דעם פאָלקס לעבען. קיינער האָט קיין רעכט ניט צו האָבען לעקאך אַזוי לאַנג ווי ניט אַלע האָבען ברויט. זיי האָבען דער־פאַר באשטימט א געהאַלט פון זעקס הונדערט רובעל א חודש פאַר יעדען איינציגען מיטגליעד פון דער משפחה פון דעם בע־אמטען וואָס איז ניט פעהיג צו אַרבייטען. לענין'ס פרוי אר־

בייט אין דעם דעפּאַרטמענט פון בילדונג, דערפאַר קריגט לענין בלויז זעקס הונדערט רובעל אַ חודש. טראָצקי, ווידער, האָט אַ פרוי מיט צוויי קינדער, קריגט ער דערפאַר ניין הונדערט רובעל אַ חודש.

ווען די סאָוויעטען־רעגיערונג האָט זיך אַריבערגעצויגען קיין מאָסקווע האָט זי איבערגענומען איינעם פון די דאָרטיגע גרויסע האָטעלען, דעם נאַציאָנאַל האָטעל. דאָס ערשטע וואָס זי האָט געטאָן איז געווען אָפּשאַפען די טייערע מאכלים. אנ־שטאט די פריהערדיגע מאָהלצייטען פון אָהן אַ שיעור געריכטען האָט מען דאָרט געגעבען מאָהלצייטען פון בלויז צוויי געריכטען. מען האָט געקענט קריגען אָדער סופּ און פלייש, אָדער סופּ און קאַשע. עס פאַרשטעהט זיך, אַז מען האָט אויך געגעבען טעע.

## מיט וואָס האָט די סאָוויעטען פאָרמע פון רעגיערונג מעהר פאָרצוג איבער דעם קאָנגרעס?

א) אַ סאָוויעט־פאָרשטעהער קומט פון אַ גרופּע, פון אַ שאַפּ, אָדער אַ יוניאָן, וואָס האַלטען אָפּ באשטענדיגע פאַר־זאמלונגען. עס האָט אַ נאַטירליכען צוזאַמענהאַנג. אַ קאָנ־גרעסמאַן רעפּרעזענטירט פאַרשיעדענע סאָרטען מענשען פון פאַרשיעדענע באשעפטיגונגען, וועלכע קומען אַלע צוויי יאָהר, אָדער אַלע פיער, אָדער אַלע זעקס יאָהר צו די שטים־קאַסטענס. קיין אַנדער בונד איז ניטאָ צווישען זיי.

ב) אַ סאָוויעט־פאָרשטעהער איז שטענדיג פאַרבונדען מיט די וועמען ער רעפּרעזענטירט. אַ קאָנגרעסמאַן האָט קיין נאַ־טירליכען בונד ניט מיט זיין עולם וועהלער.

ג) די סאָוויעטען ווערען אויסגעקליבען מייסטענס דורך אַן איינטיילונג לויט באשעפטיגונגען. עס געפינען זיך דאָרט אַ סך מיינערס, וואָס פאַרשטעהען וואָס דאָס איז אַזוינס אַ מינע. מאשיניסטען, וואָס וויסען וואָס אַ מאשין איז; פּוי־ערען, וואָס פאַרשטעהען וועגען ערד; לעהרער, וואָס קענען די קינדער און די פּראָבלעמען פון בילדונג. דער קאָנגרעס איז פול מיט לאָיערס, פּאָליטישענס און שטעלע־כאַפּערס.

ד) דער סאָוויעט איז אַ צענטער וואו פראַגען ווערען באַ־האַנדעלט פון אַזעלכע מענשען וואָס פאַרשטעהען זייער זאַך.

דער קאָנגרעס איז אין די מייסטע פאַלען אַ רעד־מאַשין, אַן אָרגאַן וואו מען שפּיעלט פּאַרטיי־פּאָליטיק.

## וואָס די סאָוויעטען האָבען אויפגעטאָן

וואָס זיינען די זאַכען וואָס די סאָוויעטען־רעגירונג האָט באוויזען אויפצוטאָן?

ע ר ש ט ע נ ס: זי האָט נאַציאָנאַליזירט אַלע נאַטירליכע רייכטימער, די וועלדער, די מינען, די וואַסער־וועגען א. אז. וו.

צ ו ו י י ט ע נ ס: זי האָט אַוועקגעגעבען דאָס לאַנד צו די פּויערען. יעדע פאַמיליע האָט געקראָגען אַזוי פיעל לאַנד וויפיעל זי האָט געקענט באַאַרבייטען. דאָס האָט, פאַרשטעהט זיך, באַגליקט דעם פּויער און ער איז שטאַל און אייזען פאַר די סאָוויעטען.

ד ר י ט ע נ ס: זי האָט אָרגאַניזירט די גרויסע רויטע אַרמעע.

פ ע ר ט ע נ ס: „זי האָט אַריינגעוואָרפען די געהיימע טריטים אין סמיעטניק פון דער געשיכטע."

פ י נ פ ט ע נ ס: זי האָט אויפגעבורעט די גרויסע רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און האָט אַראָפּגעשלעפּט דעם קייזער פון זיין טראָן.

ז ע ק ס ט ע נ ס: זי האָט אויפגעעפענט טויזענדע שולען, ביבליאָטעקען, אַרבייטער־טעאַטערע, צייטונגען און פּאָסט־קאַנטאָרען.

ז י ע ב ע ט ע נ ס: זי האָט אַוועקגעגעבען די פאַבריקען, די שעפער און די מינען צו די אַרבייטער. מאַנכע פון זיי זיינען געווען דאָס אייגענטום פון שטאַאט און אַנדערע זיינען געווען אונטער דער דירעקטער קאָנטראָל פון די אַרבייטער.

וואָס איז דאָס אַזוינס אַרבייטער־קאָנטראָל?

עס מיינט, אַז אַ קאָמיטע, וואָס ווערט ערוועהלט פון די אַרבייטער, באַטייליגט זיך אין דער פאַרוואַלטונג פון דער פאַבריק.

„אונטער קאָנטראָל — האָט געזאָגט טראָצקי — מיין איך, אַז מיר וועלען זעהן אויספיהרען דאָס די פאַבריק זאָל געפיהרט

ווערן ניט פון דעם שטאַנדפונקט פון פּריוואַטע פּאַרדיענסטען, זאָנדערן פון דעם שטאַנדפונקט פון געזעלשאַפטליכען וואויל־זיין . . . צום ביישפּיעל, מיר וועלען ניט ערלויבען דעם קאַפּי־טאַליסט צו פאַרמאַכען זיין פאַבריק אום ער זאָל קענען אויס־הונגערען זיינע אַרבייטער, אַזוי אַז זיי זאָלען זיך מוזען אונטער־געבען, אָדער ווייל דאָס געשעפט ברענגט איהם ניט אַריין גענוג פאַרדיענסטען. אַ פאַבריק, וואָס פּראָדוצירט אַן אַרטיקעל, וואָס איז עקאָנאָמיש נויטווענדיג, טאָר זיך ניט צומאַכען. ווען דער קאַפּיטאַליסט גיט דאָס אויף, וועט ער דאָס אין גאַנצען פאַר־לירען, וואָרים די אַרבייטער וועלען ערוועהלען פון זיך אַ באָארד פון דירעקטאָרען, וועלכע וועלען איבערנעהמען די פאַרוואַלטונג פון דער פאַבריק.

„קאָנטראָל מיינט אויך, אַז די ביכער און די קאָרעספּאָנ־דענץ פון יעדער געשעפטס־אונטערנעהמונג וועלען זיין אָפען פאַר דעם פּובליקום, אַזוי אַז עס וועלען שוין מעהר ניט זיין קיינע געשעפטס־געהיימניסען. ווען איין פאַבריק ענטדעקט אַ בעסערען פּראָצעס פון פּראָדוצירען, אָדער מאַכט אַ געוויסע ערפינדונג, וועלען זיך מיט דעם קענען באַנוצען אַלע אַנדערע אונטערנעהמונגען פון דער זעלבער אינדוסטריע.“ — פון אַן אינטערוויו מיט טראָצקי׳ן פון פּראָפעסאָר ראָסס פון וויסקאָנ־סין אוניווערזיטעט.

ווען די אַרבייטער האָבען איבערגענומען די פאַברי־קען און די מינען האָבען זיי גאָר קיינע טעות׳ן ניט געמאַכט ?

יע, זיי האָבען געמאַכט. דאָס וואָס זיי האָבען ניט געהאַט גענוג ערפאַהרונג און טעכנישע געשיקטקייט האָט געפיהרט צו אַ סך פעהלערען. אָבער זיי האָבען זעהר שנעל געלערענט, און אין אַ געוויסער צייט אַרום האָבען אַ סך פאַבריקען פּראָדוצירט פיעל מעהר ווי פריהער.

אַזוי שנעל ווי די אַרבייטער האָבען אויסגעפונען אַז די פאַבריקען באַלאַנגען ווירקליך צו זיי, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין זייערע מוחות. אונטער דער קערענסקי רעגיערונג האָבען זיי געשטרעבט אויסצוקלייבען אַ פאָרמאַן, וואָס זאָל זיי

לאָזען טאָן וואָס זיי ווילען. אונטער זייער אייגענער רעגיע־רונג, אונטער די סאָוויעטען, האָבען זיי אָנגעהויבען אויסצו־קלייבען דוקא אַזעלכע פּאָרלייט, וואָס זאָלען איינפיהרען דיס־ציפּלין אין די שעפּער און אויפהויבען די פּראָדוקציאָן.

אין די אַזוי־גערופענע „אַמעריקאַנער שעפּער" אין וואָלא־דיוואָסטאָק פלעגט מען צוזאַמעננעהמען די קערפּערס, די רעדער און די טאַרמאַזען פון די וואַגאָנען און מען פלעגט דאַן די פאַרטיגע וואַגאָנען אָפּשיקען איבער דער סיבירער באַהן־ליניע. אין דעם קערענסקי רעזשים זיינען דיזע פאַבריקען געווען אַ נעסט פון אונרוהען. די זעקס טויזענד אַרבייטער, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען, פלעגען אַרויסגעבען ניט מעהר ווי 18 וואַגאָנען אַ טאָג.

די סאָוויעט רעגיערונג האָט צוגעמאַכט דיזע שעפּער און האָט באַזאָרגט די אַרבייטער מיט אַנדערע שטעלען. דערנאָך האָט זי רעאָרגאַניזירט יענע שעפּער און האָט אָנגעפאַנגען די אַרבייט מיט 1800 אַרבייטער. דורך פאַרשיעדענע אויסבעסע־רונגען, וואָס די אַרבייטער אַליין האָבען איינגעפיהרט, איז גע־לונגען אַרויסצובעקומען יעדען טאָג 12 וואַגאָנען דורך 1800 אַרבייטער, אַ פאַרבעסערונג אין דער אַרבייטס־סיסטעם פון איבער הונדערט פּראָצענט.

איך בין געשטאַנען מיט דעם באָלשעוויסטישען פּרעזידענט אויף די בערג, וואָס קוקען אַראָפּ אויף דיזע שעפּער. ער האָט זיך צוגעהערט צו דעם קלאַפּען פון די הויב־מאַשינען און צו דעם זעצען פון די גרויסע האַמערס, וואָס האָבען זיך דערטראָגען פון אונטען פון טאָל.

„עס שיינט אַז דאָס איז פאַר אייערע אויערען זיסע מוזיק," האָב איך איהם געזאָגט.

„יע," האָט ער געענטפערט, „די אַלטע רעוואָלוציאָנערען פלעגען מאַכען טומעל מיט באָמבעס, אָבער דאָס איז דער גע־רויש פון די נייע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע קלאַפּען אויס אַ נייע סאָציאַלע אָרדנונג."

וואָס האָט די סאָוויעטען־רעגיערונג געטאָן אום צו באַזאָרגען דעם פאָלק מיט גוטע וואוינונגען?

עס זיינען געווען מיליאָנען מענשען אין רוסלאַנד וואָס האָבען געוואוינט אין פינסטערע אָרימע צימערען. פון דער צווייטער זייט זיינען געווען טויזענדער פּאַלאַצען און וואוינונגען, וואָס זיינען געווען רייך מעבעלירט און רייך באַלויכטען און אין וועלכע עס האָבען געוואוינט בלויז צו עטליכע מענשען. די סאָוויעטען האָבען ערקלערט, אַז דאָס אַלץ איז ניט ריכטיג. „די וואָס בויען די גרויסע הייזער די דאַרפען וואוינען אין זיי.“ און דער עולם האָט זיך גענומען אַריינציהען אין די רייכע הייזער. איצט געפינען זיך אין רוסלאַנד הונדערטע טויזענדע מענשען וואָס האָבען, צום ערשטען מאָל אין זייער לעבען, אַן אנשטענדיגען פּלאַץ צום וואוינען.

## וואָס האָט די סאָוויעטען־רעגיערונג געטאָן מיט דער רעליגיע און מיט דער קירכע?

די רעליגיע האָט דאָרט געקראָגען די זעלבע פרייהייט וואָס זי האָט אין אמעריקא. אזוי אז איצט זיינען אַלע קירכעס פון דעם זעלבען יחוס. דער קאַטאָליק, דער פּראָטעסטאַנט, דער איד, קענען אַלע בעטען גאָט ווי זיי ווילען. די סאָוויעטען האָבען געמאַכט דעם ערשטען גרויסען פאַרזוך אַריינצוברענגען אין דער פּראַקטיק די לעהרען פון יעזוס׳ן. יעזוס האָט געשטרעבט צו אַזאַ סאָציאַלע אָרדנונג, אין וועלכער יעדער איינער זאָל האָבען די זעלבע מעגליכקייטען; און דאָס איז וואָס דער סאָוויעט טוט.

## וואָס האָבען די רוסישע סאָוויעטען געטאָן פאַר די פרויען?

פרויען האָבען דאָרט די זעלבע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע רעכט ווי מענער. די באָלשעוויסטישע רעגיערונג באַזאָרגט די פרויען מיט אַלעם נויטיגען אין פאַרלויף פון זעכצעהן וואָכען פאַר, אין דער צייט, און נאָכדעם ווי זיי ווערען מוטערס. אויב זיי געהען צוריק אַרבייטען, ערלויבט מען זיי ניט צו אַרבייטען מעהר ווי פיער שטונדען אַ טאָג. פרויען האָבען דאָרט די זעלבע אייגענטום־רעכט ווי מענער, די זעלבע רעכט ביי גט׳ן ווי מענער, אין די פאַבריקען זיינען זיי פאָלשטענדיג אויסגעגלייכט מיט די מענער צוזאַמען. די מענער

און די פרויען זיינען שקלאַפען געווען, איצט זיינען זיי צו־זאַמען פריי געוואָרען.

**אויף וועלכען אופן ווערט אין רוסלאַנד פּראַקטיצירט גערעכטיגקייט?**

די גערעכטיגקייט אין רוסלאַנד איז זעהר אַן איינפאַכע. די אַלטע געזעצען אין רוסלאַנד זיינען געווען זעהר שלעכטע און די סאָוויעט רעגיערונג האָט געמוזט איבערבויען די גאַנצע סיסטעם. דערווייל איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ רעוואָלוציאָ־נערער טריבונאַל, וואָס הערט אויס אַלע פּראָצעסען. אָפט זיינען אויף דיזע פּראָצעסען גאָר קיין אַדוואָקאַטען ניטאָ. די אָנגע־קלאָגטע פאַרטיידיגען זיך אַליין, אָדער עס טרעטען אַרויס פאַר זיי פריינד וועלכע פאַרטיידיגען זיי. דיזע טריבונאַלען ווערען געפיהרט מיט דעם פּרינציפּ פון רעכט און אומרעכט און די אַלע געזעצליכע שווינדלען און טעכנישע פאַרדרעהענישען זיינען דאָרט ניטאָ.

**וואָס האָט דער סאָוויעט געטאָן אום צו אַמוזירען די פאָלקס־מאַסען?**

אַרבייטער טעאַטערע זיינען געגרינדעט געוואָרען אין הונ־דערטע פּלעצער און די בעסטע פאָרשטעלונגען ווערען געגעבען אין זיי. טויזענדע אַרבייטער זיינען געוואָרען אַקטיאָרען. דער פאָלקס־טעאַטער פון פּעטראָגראַד ווערט פאַרוואַלטעט פון דער פרוי פון מאַקסים גאָרקי. מען גיט איצט אַ סך מעהר גוטע מוזיק אין רוסלאַנד ווי ווען עס איז אין די פריהערדיגע צייטען.

**אונטער די סאָוויעטען הערשט, אַלזאָ, גרויס גליק. איז דאָס די גרויסע ערלייזונג פון דער וועלט?**

עס איז דאָ גענוג קעלט און הונגער אין רוסלאַנד איצט און אַ סך קינדער זיינען געשטאָרבען, ווייל עס האָט זיי אויס־געפעהלט מילך, אין פּעטראָגראַד און אין מאָסקווע. די באַהנען זיינען צובראָכען, און וועהרענד אייראָפּא האָט איצט פריעדען מוזען די הונדערטע טויזענדע אַרבייטער און פּויערען פון רוס־לאַנד געהן אין שלאַכט און פאַלען. אָבער זיי באַשולדיגען ניט אין דעם די סאָוויעטען, זאָנדערן די עלאַיס, וועלכע האָבען אָפּ־געשניטען זייערע שפּייז־זאַפּאַסען פון סיביר.

**וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט דער סאָוויעט אַרויס־געוויזען צו דעם אַמעריקאַנער אַרבייטער־קלאַס?**

ער האָט אָפּגעהאַלטען טויזענדע מיטינגען צו פּראָטעס־טירען געגען דער ערמאָרדונג פון מוני. די פּעטראָגראַדער אַר־בייטער זיינען געגאַנגען צו דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר און האָבען איהם געזאָגט אַז מוני איז זייער ברודער און אַז ער מוז באפרייט ווערען.

**האָבען די סאָוויעטען דורכגעפיהרט וועלכע עס איז געזעצען וואָס זיינען פאַר די נוצען פון דעם אַמעריקאַנער אַרבייטער־קלאַס?**

זעהר פיעלע. צום ביישפּיעל, דער סאָוויעט האָט געוואָלט קויפען פון אַמעריקא אַגריקולטורעלע און אַנדערע מאַשינען, און זיי האָבען ערקלערט אַז זיי ווילען ניט קויפען אַזעלכע מאַ־שינען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון אַרבייטער וואָס האָבען ניט געקראָגען גענוג צום לעבען, וואָס האָבען געאַרבייט מעהר ווי אַכט שטונדען אַ טאָג, וואו די פרויען זיינען געוועזען גע־צוואונגען צו אַרבייטען ביי נאַכט א. אַז. וו. קיינע מאַשינען, האָבען זיי געזאָגט, ווילען ניט אַריינגעלאָזען ווערען אין רוס־לאַנד וואָס ווילען ניט טראָגען דעם סטעמפּעל פון די אַרבייטער־קאָמיטעס, וואו דיזע אַרטיקלען זיינען געמאַכט געוואָרען.

**וואָס נאָך אַזוינס האָט געטאָן די סאָוויעטען־רעגיע־רונג פאַר וואָס די אַמעריקאַנער דאַרפען איהר דאַנקען?**

זי האָט גערעטעוועט הונדערטע טויזענדע אַמעריקאַנער לעבענס. מאַנכע זאָגען אַ האַלבען מיליאָן, אַנדערע זאָגען נאָך מעהר.

**אויף וועלכען אופן האָבען די סאָוויעטען געראַטעוועט אַזוי פיעל אַמעריקאַנער לעבענס?**

מיט דעם וואָס זיי האָבען געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבען געקענט אום צו מאַכען מעגליך די גרויסע רעוואָלוציעס אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, וועלכע האָבען געמאַכט אַן ענד צו דער גרויסער מלחמה. אונזערע מיליטערישע עקספּערטען פלעגען זאָגען, אַז דיזע מלחמה וועט נאָך אָנהאַלטען פון זעקס חדשים ביז צוויי יאָהר און אַז מען וועט מוזען פאַרניכטען פילייכט אַ מיליאָן אַמעריקאַנער לעבענס אום צוצוקומען צום

רהיין. די דייטשע ארמעען זיינען געווען באפעסטיגט אויף די טעריטאָריעס פון בעלגיען, פראנקרייך און איטאליען, און האָבען מיט אמאָל אויפגעהערט שלאָגען זיך. פאַר וואָס? דערפאַר ווייל ביי זיי אין דער היים האָט זיך אָנגעהויבען די רעוואָלוציע.

ווי אַזוי האָט דער רוסישער סאָוויעט געבראַכט די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, וואָס האָט געהאָלפען צו מאַכען אַן ענדע צו דער מלחמה און אויף אַזאַ אופן זיינען געראַטעוועט געוואָרען אַזוי פיעל אַמעריקאַנער לעבענס?

דער סאָוויעט האָט אריינגעשיקט הונדערטע אגיטאטאָרען אין דייטשלאנד און אין עסטרייך, וועלכע האָבען דאָרט געלערנט דעם עולם אז זיי זאָלען מאכען א רעוואָלוציע ביי זיך, פונקט אזוי ווי די רוסען האָבען געטאָן. דער רוסישער סאָוויעט האָט אויך ארויסגעגעבען אין מיליאָנען קאָפּיעס צייטונגען אין פאַרשיעדענע שפּראכען: דייטשע, אונגארישע, טשעכישע, סלאָוואַקישע א. אז. וו. דיזע צייטונגען זיינען ארונטערגעוואָרפען געוואָרען פון לופט־פליהער, אריינגעשמוגעלט געוואָרען אין קאַסטענס, אריינגעבראכט געוואָרען אין לאַנד דורך די קריעגס־געפאנגענע אין דייטשלאנד.

אין אַן אילוסטרירטער צייטונג, וואָס מען האָט אהין אריבערגעשיקט, געפינט זיך א בילד, אויף וועלכער עס איז אויסגעמאָהלט אַן ארבייטער וואָס רייסט ארונטער דעם קייזערליכען אָדלער פון פּאַלאַץ און א גרויסער עולם מענשען אונטען צוליינט א פייער פון דאָס אראָפּגעריסענע. די צייטונג גיט פאָלגענדע ערקלערונג פון דעם בילד צו די דייטשען:

„אויף דעם דאַך פון פּאַלאַץ רייסט אַן ארבייטער ארונטער די פאַרהאַסטע עמבלעמען פון אויטאָקראַטיע. אין גאַס פאַרברענען די פאָלקס־מאַסען די קייזערליכע אָדלערס. א סאָלדאַט דערצעהלט דעם עולם אז די אומשטירצונג פון אויטאָקראַטיע איז בלויז דער ערשטער שריט אויף'ן וועג צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. עס איז זעהר לייכט אַרונטערצוואַרפען די קייזערליכע רעגיערונג, דייטשע קאַמעראַדען. זי האַלט זיך בלויז אויף אויף יענע בלינדע סאָלדאַטען וואָס באשיצען זי מיט זייערע באַיאָנעטען. די רוסישע סאָלדאַטען האָבען בלויז אויפ־

געעפּענט זייערע אויגען און דעם צאַר'ס רעגיערונג איז פאַר־שוואונדען געוואָרען. ווען וועלען די סאָלדאַטען פון די לענדער, וואָס ווערען רעגיערט פון קייזער, עפּענען זייערע אויגען?"

דאָ איז איינער פון די אויפרופען וואָס זיינען געשיקט געוואָרען צו די דייטשע מאַטראָזען:

„די רעוואָלוציאָנערע מאַטראָזען פון דער באַלטישער פלאָט, פאַרזאַמעלט אויף אַ קאָנפערענץ, שיקען זייער ברידערליכען גרוס צו זייערע העלדישע דייטשע קאַמעראַדען, וואָס האָבען זיך באַ־טייליגט אין דעם אויפשטאַנד אין קיעל.

„די רוסישע מאַטראָזען זיינען די פאָלשטענדיגע באַלעבאַ־טים פון זייערע קריעגסשיפען. די מאַטראָזען קאָמיטע איז צו דער זעלבער צייט די העכסטע קאָמאַנדירען־מאַכט. די יאַכט־שיף פון דעם געוועזענעם צאַר, די „פּאָליאַרנאַיאַ זוויעזדאַ", איז איצט די הויפּט־קוואַרטיר פון דער פלאָטען־קאָמיטע, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון געוועהנליכע מאַטראָזען, צו איינעם פון יעדער שיף.

„זייט דער רעוואָלוציע איז די רוסישע פלאָטע פונקט אַזוי פאַרטאָן אין ארבייט ווי פריהער, אָבער די רוסישע מאַטראָזען וועלען זיך ניט באַנוצען מיט דער פלאָטע אום צו קעמפען געגען זייערע ברידער. זיי וועלען יאָ קעמפען איבעראַל אונטער דער רויטער פאָהן פון אינטערנאַציאָנאַל, פאַר דער באַפרייאונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער גאַנצער וועלט."

מיליאָנען רובעלס און אָהן אַ שיעור ענערגיע פון אַזעלכע באָלשעוויקעס ווי לענין און טראָצקי זיינען פאַרוועגדעט גע־וואָרען אויף דיזער פּראָפּאַגאַנדא. און דיזע פּראָפּאַגאַנדא איז געקומען אין דייטשלאַנד און די גרויסע מלחמה איז געענדיגט געוואָרען.

## וואָס איז די מיינונג פון די אַמעריקאַנער וועגען די סאָוויעטען?

כמעט אַלע אמעריקאַנער, וואָס זיינען געוועזן ביי די סאָ־וויעטען און וואָס קענען די באָלשעוויקעס, זאָגען אַז די סאָ־וויעטען־רעגיערונג דאַרף אנערקענט ווערען פון אמעריקא אַלס די ריכטיגע רעגיערונג פון רוסלאַנד.

„עס איז אבסאָלוט נויטיג פאַר אונז צו גלויבען אין די סאָוויעטען... דער סאָוויעט איז די נשמה פון רוסלאַנד און מעהר נאָך... די סאָוויעטען זיינען געוואָרען רוסלאַנד'ס נערווען סיסטעם און איהר ענטשיידענדער מאַרך.

„לאָמיר אויסמיידען צו באַנוצען זיך מיט אוננויטיגער קריטיק. עס איז אַ סאָוויעטען־הויז. אויב די סאָוויעטען האָבען אויסגעקליבען לענין'ען אַז ער זאָל פיהרען זייער הויז, איז דאָס זייער הויז. אויב זיי וועלען אויסקלייבען אַן אַנדערען צו פיהרען זייער הויז, איז דאָס ווייטער אַמאָל זייער הויז.

„...עס איז אַ רעפּובליק פון סאָוויעטען, און אין דעם מויל פון יעדען אַמעריקאַנער דאַרף דאָס וואָרט סאָוויעט ווערען אַ וואָרט פון פריינדשאַפט, אַ וואָרט פון חבר'שאַפט, אַ וואָרט פון גרויסע האָפנונגען." — שיקאַגאָ דעילי ניוס.

„רוסלאַנד איז אַ רעגיערונג פון די אַרבייטער און פון די סאָלדאַטען, פון די פּויערען און פון די מעכאַניקער. עס איז אַ דעמאָקראַטיע וואָס שטרעבט צו דער ערהויבונג פון די גרויסע מאַסען. עס איז אַ דעמאָקראַטיע, וואָס פאַרטרעט פיעל מעהר די אונטערשטע שיכטען ווי מען קען דאָס געפינען אירגענד וואו. עס האָט בלאָטע אויף איהרע שטיוועל, האָר אויף איהר פּנים, אָבער ליעבע פאַר פרייהייט אין איהר האַרצען. מען זאָגט אַז די רוסישע דעמאָקראַטיע איז רויט. געוויס! פול מיט גוטע, רויטע בלוט! איהר געפינט גלייך אויס אַז זי איז ניט געל. ניט וועניגער ווי זעכציג פּראָצענט פון די רוסען זיינען באָלשעוויקעס." — קאָירנעל וו. ב. טהאָמפּסאָן.

## זיינען די סאָציאַליסטען די איינציגע וואָס גלויבען אין סאָוויעטען?

ניין. אַלע קלאַסען פון אַמעריקאַנער: קאָירנעל וו. ב. טהאָמפּסאָן פון וואָל סטריט; קאָירנעל רעימאָנד ראָבינס, דער קאָפּ פון דעם אַמעריקאַנער רויטען קרייץ, וועלכער האָט געקענט אי לענין'ען אי טראָצקי'ן; מיידזשאָר טהעטשער; בעסיע ביעטי פון דעם סאַן־פראַנציסקאָ „בולעטין"; לואיס ברייענט, פון דעם סינדיקייט; מערעלין ז. ראָטי, פון האַרפּער'ס; עדגאַר ליע

בראון, פון שיקאַגאָ דעילי ניוס; דר. דזשאָרדזש קוניץ; דזשאהן ריעד, פון „ליבערייטאָר“ און אַ סך אַנדערע.

**פון וואַנען ווייסען מיר אַז די סאָוויעטען זיינען דאָס די רעגיערונגס-פאָרמע וואָס די מאַסען ווילען?**

דאָס איז די איינציגע רעגיערונג וואָס האָט באוויזען אַז זי האָט קראַפט און די איינציגע פאַר וועלכער דאָס פאָלק האָט געקעמפט און איז געשטאָרבען. דעם לעצטען זונטאג אין יולי חודש זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען וואַהלען אין וולאַדיוואָס-טאָק. עס זיינען געוועזען אויף דעם פעלד זיבעצעהן פאַרטייען. יעדער איינער האָט געזאָגט אַז דער אמת'ער קאַמף איז געוועזען בלויז צווישען דער קאדעטישער פאַרטיי און די מעסיגע סאָ-ציאַליסטען, וועלכע האָבען זיך פאַראייניגט. קיינער האָט ניט געדענקט אַז די באָלשעוויקעס וועלען קריגען אַ גרויסע צאָהל שטימען, ווארים זייערע פיהרער זיינען געוועזען איינגעשפּאַרט אין טורמע און זייערע צייטונגען זיינען געוועזען אונטערדריקט. אָבער ווען מען האָט צוגעצעהלט די שטימען האָט מען אויס-געפונען, אַז די קאַדעטען האָבען געצויגען פיער טויזענד שטי-מען, די מעסיגע סאָציאַליסטען פינף טויזענד און די באָלשע-וויקעס צוועלף טויזענד. די באָלשעוויקעס האָבען געקראָגען מעהר שטימען ווי אַלע זעכצעהן אַנדערע פאַרטייען צוזאַמענ-גענומען.

**אויב דאָס רוסישע פאָלק וויל אַ סאָוויעטען-פאָרמע פון רעגיערונג, האָבען מיר אַ רעכט צו צווינגען זיי, אַז זיי זאָלען אָננעהמען אונזער רעגיערונגס-פאָרמע?**

עס איז זייער זאַך וואָס פאַר אַ סאָרט רעגיערונג זיי ווילען. ווען מיר צווינגען זיי אָנצונעהמען אַ געוויסע רעגיערונגס-פאָרמע מיט ביקסען אין די הענט, טוען מיר דאָס זעלבע וואָס דאָס קייזערליכע דייטשלאַנד האָט געטאָן.

„די רוסישע פאָלקס-מאַסען האָבען באשלאָסען צו ווערען פון איצט אָן און ווייטער די אמת'ע באַלעבאַטים פון רוסלאַנד און צו רעגיערען דאָס לאַנד אין זייערע אייגענע אינטערעסען. אין רוסלאַנד, פּראַקטיש גערעדט, איז ניטאָ קיין מיטעל-קלאַס פון קליינע הויז-אייגענטימער, געשעפטסלייט און לאַנד-אייגענ-

טימער, ווי דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג אין ענג־לאַנד, פראַנקרייך און די פּאַראייניגטע שטאַאטען. די גאַנצע באַפּעלקערונג פון רוסלאַנד באַשטעהט כמעט אויסשליסליך פון פויערען און אינדוסטריעלע אַרבייטער. דאָס איז די אורזאַכע פאַר וואָס די רעגיערונג פון די באָלשעוויקעס, די רעגיערונג פון דער מאַיאָריטעט, איז צוזאַמענגעשטעלט אין גאַנצען כמעט פון פאָרשטעהער פון דיזע אַרבייטער." — קאָירנעל וו. ב. טהאמפּ־סאָן, דער קאָפּ פון דער אַמעריקאַנער מיסיע פון רויטען קרייץ אין רוסלאַנד.

## די שוועריגקייטען וואָס די סאָוויעטען האָבען דורכגעמאַכט

איז דאָס געווען אַ לייכטע אויפגאַבע פאַר די סאָ־וויעטען דורכצופיהרען זייער גרויסע אַרבייט?

ניין. די אַרבייטער האָבען געהאַט אונגעהויער גרויסע שטערונגען.

ערשטענס האָט די הערשאַפט פון די צאַרען פאַר הונדערטע יאָהרען געהאַלטען דאָס פאָלק אין נידערגעשלאָגענ־קייט, אָרימקייט און אונטערדריקונג.

צווייטענס האָבען די דריי יאָהר און זיעבען חדשים פון מלחמה אויסגעצאַפּט דאָס לעצטע בלוט פון לאַנד. 3,500,000 רוסען זיינען געטויטעט געוואָרען, 4,000,000 זיינען פאַרוואונ־דעט געוואָרען. עס זיינען דאָ אין רוסלאַנד 350,000 מלחמה־יתומים און 200,000 טויבע, שטומע און בלינדע. די רוסען האָבען פאַרלאָרען אין קריעג פיעל מעהר ווי די בעלגיער, די פראַנצויזען, די איטאַליענער און די אַמעריקאַנער צוזאַמענגע־נומען.

דריטענס זיינען די באַהנען געוועזן צובראָכען, די מינען פאַרפלייצט און עס איז כמעט ניט געבליבען קיין שפּייז און קיין הייץ־מאַטעריאַלען.

פערטענס האָבען די טשעכען, געשטיצט פון די יאַפּאַ־נעזער, די אַמעריקאַנער, די פראַנצויזען און די ענגלענדער, אָפּ־געשניטען פון זיי זייערע שפּייז־זאַפּאַסען וואָס האָבען זיך גע־

פונען אין סיביר. די דייטשען און די עסטרייכער האָבען, פון דער צווייטער זייט, אָפּגעשניטען פון זיי די שפּייז־זאַפּאַסען פון אוקראַינע.

פינפטענס. צוועלף מיליאָן סאָלדאַטען זיינען פּלוצ־לינג דעמאָביליזירט געוואָרען. אַמעריקא האָט אין גאַנצען פיער מיליאָן סאָלדאַטען, דאָך ריכטען מיר זיך אַז עס וועט נעהמען אַ יאָהר צייט איידער מען וועט זיי אַלעמען ברענגען צוריק פון פראַנקרייך און מען וועט זיי דעמאָביליזירען.

זעקסטענס, די אַלטע בעאַמטע האָבען סאַבאָטאַזשע־וועט געגען זיי, די העכערע קלאַסען האָבען דעזערטירט. די עלאַים האָבען זיי באַיקאָטירט און די דייטשען האָבען זיי גילייאָטינירט.

זיינען די שוועריגקייטען, וואָס די רוסען מוזען בייי־קומען אין זייער רעוואָלוציע, גרעסער איידער די וואָס אַמעריקא האָט געהאַט אין איהר רעוואָלוציע?

אַ סך גרעסער.

א) אין דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע האָבען זיך באַטיי־ליגט דריי מיליאָן מענשען. אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבען זיך באַטייליגט 23 מיליאָן מענשען. אָבער אין דער רו־סישער רעוואָלוציע באַטייליגען זיך 180 מיליאָן מענשען, צו־שפּרייט איבער אַ שטח ערד וואָס איז דריי מאָל אַזוי די גרויס ווי אַמעריקא.

ב) די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די אַמעריקאַנער זיי־נען געווען מייסטענס פּאָליטישע רעוואָלוציעס, וועהרענד די רוסישע רעוואָלוציע איז אי אַ פּאָליטישע אי אַ סאָציאַלע.

ג) אין אונזער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע האָבען די פרעמ־דע רעגיערונגען זיך ניט געמישט, אָדער האָבען זאָגאַר געהאָל־פען אונז, וועהרענד אַלע פרעמדע רעגיערונגען קעמפען היינט צו טאָג געגען דעם רעוואָלוציאָנערען רוסלאַנד.

ד) עס האָט גענומען די אַמעריקאַנער איבער אַכט יאָהר צייט איידער זיי האָבען זיך איינגעשטעלט און האָבען איינגע־פיהרט אַ פעסטע און איינגעפונדעוועטע רעגיערונג. די רו־סישע רעוואָלוציע איז אַלט ווייניגער ווי צוויי יאָהר.

**וואָס האָבען די העכערע קלאַסען פון רוסלאַנד געטאָן אום צו פאַרשטאַרקען די אונאָרדנונג דאָרט?**

זיי האָבען אונטערגעקויפט מיט גרויסע סומען געלט די אַלטע רעגיערונגס־אַנגעשטעלטע און די באנק־בעאמטע, אַז זיי זאָלען אויפהערען אַרבייטען. זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז די אַר־בייטער האָבען ניט געגוג מאַרך אַז זיי זאָלען אַליין קענען ווערען די פיהרער. אָבער די סאָלדאַטען און די מאַטראָזען האָבען אַליין איבערגענומען די עמטער אין די רעגיערונגס־ און באַנק־קאַנטאָרען.

**אויף וואָס נאָך פאַר אַן אופן האָבען די העכערע קלאַסען געזוכט אַרונטערצוואַרפען די סאָוויעטען־רע־גיערונג?**

א) זיי האָבען געזוכט אויסצוהונגערען דאָס פאָלק און אויף אַזאַ אופן צווינגען איהם אונטערצוגעבען זיך. רובינסקי, א גרויסער קאַפּיטאַליסט, האָט געזאָגט: „די ביינערנע האַנד פון הונגער וועט אָנכאַפּען די פאָלקס־מאַסען ביי'ם האַלז און וועט זיי ברענגען צום שכל.“ אָבער די סאָוויעטען־רעגיערונג האָט געבראַכט שפּייז. ב) די העכערע קלאַסען האָבען געלייגט זעהר גרויסע האָפנונגען, אַז די שלעכטע קאַנאַליזאַציאָנס־סיסטעם און דער שמעלצענדער שנעע וועלען פאַראורזאַכען אַ כאָלערע־מגפה. אָבער די סאָוויעטען האָבען אָרגאַניזירט סאַניטאַרע קאָמיסיעס און האָבען אָפּגעשטעלט די עפּידעמיע. ג) זיי האָבען אויך געזוכט אָנצו'שכור'ן די שטאָדטישע מאַסען אום זיי זאָלען דער־נאָך אוועקלאָזען זיך רויבען, ברענען און טויטען. מען האָט דאָס גערופען וויין־פּאָגראָמען. זיי פלעגען פּלוצלינג אויפעפענען זייערע פאַרבאַהאַלטענע וויין־קעלערס און פלעגען געבען יעדען איינציגען צו טרינקען אַזוי פיעל וויפיעל ער האָט נאָר געקענט. די סאָוויעטען האָבען געמאַכט אַן ענדע דערצו מיט דעם וואָס זיי האָבען פאַרניכטעט אַ וועלכע פיער הונדערט אַזעלכע וויין־קעלערס און אַרויסגעפּאָמפּט דעם גאַנצען וויין אין די קאַנאַלען אַריין.

**וואָס נאָך פאַר אַ מיטלען האָבען די העכערע קלאַסען אָנגענומען אויף צו פאַרניכטען די סאָוויעטען?**

זיי זיינען אוועק אין די ווייטע טיילען פון רוסלאנד און האָבען דאָרט אָרגאַניזירט מיליטערישע אָפּטיילונגען. גרויסע ארמעען זיינען, אלס רעזולטאט, געפיהרט געוואָרען פון די צאַרישע גענעראַלען געגען דער ארבייטער־רעגיערונג.

פון וועמען זיינען באשטאַנען די סאָלדאַטען וואָס די סאָוויעטען האָבען אָרגאַניזירט מיט דעם צוועק צו באַשיצען זיך געגען די שונאים?

עס זיינען געווען צוויי אָפּטיילונגען: 1) די רויטע ארמעע, וואָס איז באשטאַנען פון שטענדיגע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געקראָגען אַן ערך דרייסיג רובעל אַ חודש, און 2) די רויטע גווארדיע, אין וועלכער עס זיינען אריין די ארבייטער פון די פאבריקען און די פויערען פון די דערפער. ווען עס האָט געדראָהעט אַ געפאַהר האָבען זיי אוועקגעוואָרפען זייערע אַקערייזענס, האָבען איבערגעלאָזען זייער געצייג, האָבען גענומען ביקסען אויף די פּלייצעס און זיינען אוועק פארטיידיגען זייער רעגיערונג.

פאָלקען פון געוועזענע אָפיצירען, מאָנארכיסטען, אדוועגטוריסטען, כינעזישע כונ־כוזען רויבער, און יאפּאַנעזער פארקויפטע נפשות זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אין מאַנדזשוריען און דיזע האָבען געמאכט שטענדיגע אַטאַקעס אויף די גרעניצען פון דער ארבייטער־רעפּובליק.

עס איז געווען די שטענדיגע רויטע ארמעע וואָס האָט אויסגעהאַלטען און צוריקגעשטויסען דיזע אַטאַקעס. אזוי שנעל ווי דער שונא האָט דורכגעבראָכען אַ גרעניץ איז אויפגעהויבען געוואָרען דער געשריי: „דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאנד איז אין געפאַהר!“ אין יעדער פאַבריק און אין יעדען דאָרף האָט זיך דערטראָגען דאָס געשריי „נעהמט זיך פאַר די וואפען!“ איבעראל האָבען זיך פאָרמירט קליינע גרופּען פון דער רויטער גווארדיע און איבער די וועגען און איבער די סטעזשקעס פלעגען זיי מארשירען, דורכקרייצענדיג די מאַנדזשוריער בערג, זינגענדיג רעוואָלוציאָנערע לידער, אָדער די פאָלקס־לידער פון דאָרף. האלב־נאַקעט און האַלב־הונגעריג פלעגען זיי פרייוויליג מארשירען צו פארמעסטען זיך אין כחות מיט דעם אונ'ברחמנות'־

…ען שונא, וועלכער איז געווען זעהר גוט באוואָפּענט און גוט …עלערענט.

אי דער רויטער אַרמעע, אי דער רויטער גוואַרדיע האָט געפעהלט יענע אייזערנע דיסציפּלין וואָס מען זעהט ביי די שטענדיגע נאַציאָנאַלע אַרמעען. אָבער זיי האָבען באזעסען אַ גייסט וואָס די אַנדערע האָבען קיינמאָל ניט געהאַט. איך האָב פיעל גערעדט מיט דיזע פּויערען און מיט דיזע אַרבייטער, וואָס האָבען זיך פאַר לאַנגע וואָכען געוואַלגערט אַרום די בערג, אין רעגען און אין קעלט. „וואָס האָט אייך באוועגט צו קומען אַהער און וואָס האַלט אייך דאָ?“ האָב איך געפרעגט. „מיליאָנען פון אונז, פינסטערע מאַסען,“ האָבען זיי געענטפערט, „האָבען געמוזט געהן און שטאַרבען פאַר דער אַלטער צאַרישער רעגיע־רונג; מיר וואָלטען זיכער געווען טרוסען ווען מיר וואָלטען ניט אַרויס אין קאַמף פאַר אַ רעגיערונג וואָס איז אונזער אייגענע!“

## האָט דער סאָוויעט באוויזען צו באַקעמפען אַלע זיינע שונאים?

יעדען איינעם פון זיי. קיין איינציגער מיטגליעד פון די אַלע אַנטי־סאָוויעטען רעגיערונגען האָט ניט געוואַגט אַרויפצו־שטעלען זיין פוס אויף דעם רוסישען אָדער סיבירער באָדען. ווען ער וואָלט געוואַגט וואָלט מען איהם גלייך אַרעסטירט.

## ווער זיינען די שונאים פון דער סאָוויעטען־רע־גיערונג?

א) די לאַנד־אייגענטימער, וועלכע ווילען צוריק אַוועקנעה־מען דאָס לאַנד פון די פּויערען. ב) די קאַפּיטאַליסטען, וועלכע ווילען צוריק אַוועקנעהמען די פאַבריקען און די באַנקען פון די אַרבייטער. ג) די אָפיצירען, וועלכע ווילען צוריק אַוועקנעהמען דעם קאָנטראָל איבער דער אַרמעע פון די סאָלדאַטען. ד) די מאָנאַרכיסטען, וועלכע ווילען צוריק אַוועקנעהמען די רעגיערונג פון פאָלק.

אָבער זיי האָבען קיין זאַך ניט געקענט טאָן געגען די רו־סישע אַרבייטער, ביז וואַנען די עלאַים זיינען ניט געקומען צו העלפען זיי.

## זעקס אנקלאַגען געגען דער סאָוויעטען-רעגיערונג

.1

האָט דען ניט די סאָוויעטען-רעגיערונג אויסגע'-הרג'עט אַ גרויסע צאָהל אָפיצירען, לאַנד-אייגענטימער און גלאַט רייכע?

גראַדע פאַרקעהרט. זעהר וועניג. אין דער צוקונפט וועלען מיר זיך פרעגען „ווי אזוי מען קען זיך דאָס ערקלערען, וואָס אין אזא גרויסער רעוואָלוציע און אין אזא טיעפער, איז אזא קליין הייפעלע מענשען געטויטעט געוואָרען?" א סך ווילדע מעשות האָט מען זיך אָנדערצעהלט וועגען דער צאָהל פון קרבנות. אָבער קיין איינער זאָגט ניט אז עס זיינען געטויטעט געוואָרען מעהר ווי פערציג טויזענד אין דעם ערשטען יאָהר פון דער רעוואָלוציע. און פיעלע פון די געטויטעטע זיינען דאָך געווען באָלשעוויקעס, וואָס זיינען געשטאָרבען פאַרטיידיגענדיג די סאָוויעטען געגען די אונגעזעצליכע אטאַקעס. רוסלאַנד האָט א באפעלקערונג פון 180 מיליאָן. דאָס מיינט אז אין דעם גרויסען בירגער-קריעג איז געטויטעט געוואָרען וועניגער ווי איין מענש פון יעדע פיער טויזענד איינוואוינער. אין דעם ערשטען יאָהר פון דעם אמעריקאַנער בירגער-קריעג איז געטויטעט געוואָרען איין מענש פון יעדע דריי הונדערט איינוואוינער. אין דער סאוטה זיינען טויזענדע אמעריקאַנער געווען פאַראורטיילט צו אייביגער שקלאַפעריי. רוסלאַנד ווידער קעמפט ניט פאַר באפעסטיגען אונגערעכטיגקייט און פאַרברעכען, נאָר פאַר פריי-הייט.

זיינען דען ניט מאַריא ספירידאָנאָוואַ און ברעשקאָוו-סקאַיאַ (די באַבושקאַ), דיזע צוויי גרויסע פרויען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, געטויטעט געוואָרען פון די באָל-שעוויקעס?

די צייטונגען האָבען זיי געטויטעט עטליכע מאָל אום צו ווירקען אויף די, וואָס האָבען ליעב דיזע צוויי פרויען, אז זיי זאָלען האסען די באָלשעוויקעס. אָבער ביידע לעבען. מאַריא ספירידאָנאָווא ארבייט איצט מיט די באָלשעוויקעס. (און די

„באבושקא" איז איצט אין אמעריקא און שילט די באָלשעווי־קעס. — איבערז.)

## וואָס איז דער „רויטער טעראָר"?

דאָס מיינט, אז ווען מען כאַפּט איינעם אז ער האָט גע־טויטעט א מיטגליעד פון דער סאָוויעטען־רעגיערונג, אָדער אז ער האָט געמאַכט א פארזוך צו טויטען א מיטגליעד פון דער סאָ־וויעטען־רעגיערונג, אָדער אז ער האָט געמאַכט א פארזוך אומ־צושטירצען די סאָוויעטען־רעגיערונג, אַרעסטירט מען איהם. דערנאָך ברענגט מען איהם צום פּראָצעס פאַר א רעוואָלוציאָ־נערען טריבונאַל. אויב מען געפינט אויס אז ער איז שולדיג זעצט מען איהם אריין אין טורמע אָדער מען הינריכטעט איהם. אויב מען געפינט אויס אז ער איז אונשולדיג באפרייט מען איהם גלייך. אין אַנדערע לענדער הייסט דאָס אָפּהיטען דאָס געזעץ און די אָרדנונג.

„דער טעראָריזם, אונטער וועלכען עס לעבט דער קלאַס פון אייגענטומס־באזיצער, איז א שפּיעל אין פאַרגלייך מיט דעם טעראָריזם, אונטער וועלכען עס לעבען די אַרבייטער און די פּויערען, מורא האָבענדיג פאַר דעם צוריקקעהרען פון דעם אַל־טען רעזשים." — קאָירנעל וו. ב. טהאמפּסאָן, דער טשערמאַן פון דער אַמעריקאַנער מיסיע פון רויטען קרייץ אין רוסלאַנד.

## פאַר וואָס זשע זיינען די צייטונגען אַזוי פול מיט מעשות פון רויב, מאָרד און פּאָגראָמען?

דערפאַר וואָס די גרויסע אינטערעסען מאַכען איצט אַן אַטאַקע מיט שטיקענדע גאַזען אויף די סאָוויעטען און די באָלשעוויקעס.

„וואָס איז דער קוואַל פון די אַלע ליגענס וועגען רוסלאַנד, וואָס ווערען אַזוי סיסטעמאַטיש פאַרשפּרייט אין דיזען לאַנד? מיט א פּאָר וואָכען צוריק האָבען די צייטונגען פון דער איסט געדרוקט אויף די פּאָדערשטע פּיידזשעס א באהויפּטונג, אז דעם 10טען נאָוועמבער וועלען די באָלשעוויקעס זיך פאַרנעהמען מיט א גענעראַל פּאָגראָם פון אַלע זייערע קלאַסען־געגנער. אָבער וואָס האָט פאַקטיש געטראָפען יענעם טאָג? די פּאָלגענדע דעפּעשע, געדרוקט אין דער „ניו־יאָרק וואָירלד", גיט א גע־

וויסען באגריף וועגען דעם. „דער סאָוויעטען־ראַט פון פּעטראָ־
גראַד האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, געבענדיג אמנעסטיע צו
אַלע ארעסטירטע פאַר׳משכנ׳טע פערזאָנען, וועלכע זיינען אָנגע־
קלאָגט אין דעם אַז זיי האָבען געמאַכט פארשווערונגען געגען די
סאָוויעטען, מיט דער אויסנאַהם פון די וועמען עס איז נויטיג
צו פארהאַלטען אַלס אַ גאַראַנטיע אַז די באָלשעוויקעס, וועלכע
זיינען אַריינגעפאַלען אין דעם שונא׳ס הענט, וועלען ניט גע־
טויטעט ווערען." אנשטאַט אַ סט. באַרטאָלאָמיי נאַכט איז
גאָר געוועזען אַ יום־טוב פון איבערבעטען זיך. דער ליגען איז
געוועזען געדרוקט אויף די אנגעזעהענסטע פּלעצער פון אַלע צייַ־
טונגען. דער אמת איז געוועזען געדרוקט אין איין צייטונג
בלויז און אויף אַ ניט אנגעזעהענעם פּלאַץ. איז די קלאַגע געגען
די באָלשעוויקעס אַזוי שוואַך, אַז מען מוז דאָס באַשטע־
טיגען מיט ליגענס?" — די „ניו רעפּאָבליק" פון דעם 16טען
נאָוועמבער.

איז דאָס ניט אַן אמת, אַז די באָלשעוויקעס ווילען
אויסטויטען דעם גאַנצען העכערען קלאַס?

ניין. זיי ווילען איהם נאָר אויסלערנען ארבייטען.

.2

האָט די סאָוויעטען־רעגיערונג ניט פאַראורזאַכט אַן
אַלגעמיינעם כאַאָס און אַן אונאָרדנונג אין רוסלאַנד?

גראַדע פאַרקעהרט. זי האָט געראַטעוועט דאָס לאַנד פון
אַלע אונגליקען. קאָרעספּאָנדענטען דערצעהלען אונז אַז די
גאַסען פון פּעטראָגראַד און פון מאָסקווע זיינען פּונקט אַזוי
זיכער צו שפּאַצירען איבער זיי, אויב ניט זיכערער, ווי די
גאַסען פון ניו־יאָרק אָדער שיקאַגאָ. מיר זיינען דורכגעפאָהרען
אַ שטרעקע פון איבער זעקס טויזענד מייל איבער דער סיבירער
ליניע אַזוי רוהיג ווי מיר וואָלטען געפאָהרען פון ניו־יאָרק קיין
וואַשינגטאָן און זיכערער ווי איבער ברוקלין. איהר האָט גע־
קענט זעהען די אָרדנונג אויף יעדען שריט און טריט. דערנאָך
איז געקומען די עלאים אריינמישונג און איצט זיינען צעהנד־
ליגע טויזענדע מענשען אויסגע׳הרג׳עט אָדער פאַרוואונדעט גע־
וואָרען, דערפער זיינען פאַרברענט געוואָרען, טונעלען און בריקען

זיינען אויפגעריסען געוואָרען, 50 מייל פון באהן־ליניען זיינען פאַרניכטעט געוואָרען און די אָמסקער רעגיערונג, ווערט באַ־ריכטעט, האָט גענומען 1,714,000 בושעל ווייץ, וואָס איז אַזוי נויטיג פאַר דעם הונגעריגען רוסלאַנד, און האָט עס פאַרוואַנדעלט אין אַלקאָהאָל געטראַנקען אום צו פאַר׳שכור׳ן דעם עולם.

.3

האָט די סאָוויעט־רעגיערונג זיך ניט ענטזאגט פון באצאָהלען דעם נאַציאָנאַלען חוב?

עס איז אמת אַז זיי האָבען זיך ענטזאגט פון באצאָהלען דעם חוב נאָכדעם ווי די עלאַיס האָבען זיך ענטזאגט צו העלפען זיי.

עס איז געווען דער צאַר וועלכער האָט געבאָרגט דאָס געלט פון ענגלאַנד און פון פראַנקרייך אין די יאָהרען פון 1906־1910. ער האָט דאָס געלד אויסגענוצט אויף אָנצוהאַל־טען אַ גרויסע אַרמעע מיט דעם צוועק צו באזיעגען די אַר־בייטער. ער האָט דאָס געלט באנוצט אויף צו פאַרשיקען דריי הונדערט טויזענד מענער, פרויען און קינדער אין די שרעק־ליכע און אונערטרעגליכע מינען און טורמעס פון סיביר. די סאָציאַליסטען האָבען געוואָרנט די פראַנצויזישע באַנקירען אַז זיי זאָלען דאָס געלט ניט געבען דעם צאַר. אפילו מיליוקאָוו האָט זיי געוואָרנט. די סאָציאַליסטען האָבען געזאָגט, אַז אויב זיי וועלען ווען עס איז קריגען די מאַכט וועלען זיי ניט באצאָהלען דאָס געלט, וואָס איז באנוצט געוואָרען פאַר דעם צוועק אַז מען זאָל זיי איינשפאַרען אין די טורמעס, טויטען און אונטער־דריקען. און זיי האָבען געטאָן פונקט דאָס וואָס זיי האָבען געזאָגט אַז זיי וועלען טאָן. אָבער איידער צו האָבען אַ בלוט־טיגע מלחמה איבער די חובות וועלען די סאָוויעטען מאַכען אַ קאָמפּראָמיס אין דעם פאַל.

.4

איז דאָס אַן אמת אַז דער אַרבייטער סאָוויעט האָט ניט קיין צוטרויען צו די געבילדעטע און העכערע קלאַסען?

זיי האָבען פאַרלאָרען דעם גלויבען אין די אַזוי־גערופענע

„רעגיערענדע קלאַסען". די אַרבייטער און די פויערען זאָגען: „מיר האָבען אַמאָל געאַרבייט און געשקלאַפט און געלאָזט אייך צו רעגיערען איבער דער וועלט. אָבער וואָס פאַר א וועלט איז דאָס די וואָס איהר האָט געשאַפען? עס איז געווען פול מיט קריעגערייען, מיט שמוץ, מיט שרעקליכער אַרמוט, און וואָס איז געקרוינט געוואָרען מיט דיזער מלחמה. אויב איהר זייט ניט קיין פאַרברעכער, דאַן מוזט איהר זיין שרעקליכע טויגעניכצען. איהר האָט באַוויזען אַז איהר זייט ניט פעהיג צו באַזיצען די מאַכט און מיר האָבען ניט בדעה צו לאָזען אייך ווידער אַמאָל האָבען די מאַכט. אמת, אַלס אַרבייטער וועלען מיר מאַכען טעות'ן, אָבער מיר וועלען ליעבערשט ליידען פון אונזערע איינענע טעות'ן איידער פון אייערע."

פאַר וואָס איז געוואָרען אַזאַ שנאה צווישען די געבילדעטע און דער אינטעליגענץ פון איין זייט און די גרויסע מאַסען פון רוסלאַנד פון דער צווייטער?

דערפאַר ווייל די געבילדעטע האָבען זיך אַריינגענומען אין זינען אַז מען דאַרף טאַקי לאָזען די פאָלקס-מאַסען צו רעגיערען, אָבער זעהען צו דער זעלבער צייט אַז זיי זאָלען זיך רעגיערען דורך דער אינטעליגענץ. אָבער די רוסישע פאָלקס-מאַסען האָבען געזאָגט: „מיר ווילען אַליין רעגיערען און רעגיערען אַזוי ווי מיר פאַרשטעהען." דאָך אַרבייטען די געבילדעטע עלעמענטען איצט מיט די סאָוויעטען. עס איז צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע ווען דער אַרבייטער-קלאַס קויפט מארך אַזוי ווי די קאַפּיטאַליסטען האָבען דאָס געטאָן די גאַנצע צייט.

.5

האָבען די סאָוויעטען צוטריבען די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון רוסלאַנד פאַריגען יאָהר?

זיי האָבען דאָס געטאָן. וואָרים דאָס איז געווען דער איינציגער מיטעל ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס לאַנד און די רעוואָלוציע. כמעט אַלע בעאָבאַכטער, וואָס זיינען געווען אין רוסלאַנד צו יענער צייט, זיינען מיט דעם איינפאַרשטאַנען. דער בעסטער באַווייז פאַר דעם קען דיענען דער פאַקט, וואָס ווען

עס איז געווען א פראגע פון לעבען און טויט פאר דער גרינדונגס־פארזאמלונג האָבען פופצעהן טויזענד מענשען פאראדירט איבער די גאסען, וועהרענד ווען עס וואָלט זיך געהאנדעלט אום דעם לעבען אָדער טויט פון די סאָוויעטען וואָלטען מיליאָנען מענשען פאראדירט. מעהר ווי דאָס, זיי וואָלטען געקעמפט און גע־שטאָרבען פאר דעם.

.6

## האָט דען ניט די סאָוויעטען־רעגיערונג געשלאָסען פריעדען מיט דער דייטשער קייזערליכער רעגיערונג?

יאָ, זיי האָבען געשלאָסען, ווייל די אַלטע סאָלדאטען־אר־מעע, וואָס איז מאָביליזירט געוואָרען אין דער צייט פון צאר, האָט זיך מעהר ניט געוואָלט שלאָגען. די סאָלדאטען האָבען געזאָגט, אַז זיי האָבען שוין געהאט איבערגענוג מלחמה, אָהן שפייז און אָהן קליידער דערצו, און אַז זיי האָבען ניט פאר וואָס צו קעמפען. די ארבייטער פון רוסלאנד האָבען געשיקט אַן אפיעל צו די ארבייטער פון דייטשלאנד אַז זיי זאָלען מעהר ניט באפאלען דאָס לאנד פון דער נייער רוסישער רעפובליק. צו זייער איבערגער עהרע האָבען טויזענדע דייטשע ארבייטער־סאָל־דאטען זיך ענטזאגט פון מאכען ווייטערדיגע אַנגריפען און זיי זיינען דערשאָסען געוואָרען פון זייערע אָפיצירען. אָבער די הויפט דייטשע קייזערליכע ארמעע האָט דאן גענומען מארשירען אויף מאָסקווע און פעטראָגראד. די דייטשען האָבען ערקלערט אַז זיי וועלען זיך ניט אָפּשטעלען ביז וואנען דער סאָוויעט וועט ניט אונטערשרייבען דעם ברעסט־ליטאָווסקען שלום. לענין האָט דאן געזאָגט, אַז עס איז געווען אַ שענדליכער שלום, אַ רויבערשער שלום, אַ האלז־שניידענדער שלום, אָבער די סאָ־וויעטען־רעגיערונג מוז איהם אונטערשרייבען. די רוסישע אר־בייטער האָבען געזאָגט אזוי: „די אַלטע ארמעע איז זיך צו־לאָפען און מיר דארפען זיך נעהמען פאר אויפבויען אַ נייע רויטע ארמעע. דערווייל לאָמיר פרובען מאכען אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאנד. אויב דאָס וועט ניט קומען אין פארלויף פון זעקס חדשים אָדער אַ יאָהר וועלען מיר שיקען אונזער רויטע ארמעע אויף די דייטשען.“ לאנגזאם האָבען זיי אויפגעבויט אַ

מעכטיגע נייע רויטע אַרמעע, אָבער נאָך איידער זיי האָבען זיך געקענט באַנוצען מיט איהר איז געקומען די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד.

## די סאָוויעט-פיהרער און די באָלשעוויקעס

וועמען האָבען די רוסישע אַרבייטער אויסגעקליבען אַלס זייער פּרעזידענט, אָדער אַלס פּרעמיער פון דעם ראַט פון פֿאָלקס-קאָמיסאַרען?

ניקאָלאַי לענין (וולאַדימיר איליטש אוליאַנאָוו).

לענין איז אַלט אַכט־און־פערציג יאָהר. ווען ער איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר האָט מען זיין ברודער געהאַנגען דערפאַר וואָס ער האָט געמאַכט אַ פאַרשווערונג צו טויטען דעם צאַר. מ׳זן האָט איהם אויסגעשלאָסען פון דער יוסטיץ שול דערפאַר וואָס ער האָט געפּרעדיגט סאָציאַליזם. שפּעטערצו געפינען מיר איהם אין סיביר, פאַרשיקט דערפאַר וואָס ער האָט געגרינדעט דעם פאַרבאַנד צו קעמפען פאַר דער באַפרייאונג פון דעם אַר־בייטער־קלאַס. דערנאָך אַלס סטודענט אין פּאַריז, וואו ער האָט געלערנט שפּראַכען. דאַן אין דער שווייץ, וואו ער האָט גע־שריבען אַ גאַנצע רייהע ביכער איבער פּאָליטיק און עקאָנאָמיק. שפּעטער, ווידער, אין לאָנדאָן אַלס דעם פיהרער פון דער באָל־שעוויסטישער פּאַרטיי. ווען די רעוואָלוציע פון יאָהר 1905 האָט אויסגעבראָכען איז ער געקומען צופליהען אין פּעטראָגראַד, אָבער אין צוויי יאָהר אַרום איז ער שוין ווייטער געווען אין גלות. פאַר אַכט יאָהר צייט האָט ער געאַרבייט ווי אַן אמת׳ער שקלאַף, שרייבענדיג, האַלטענדיג פּאָרטראַגען, אָרגאַניזירענדיג. דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט איהם פאַרכאַפּט אין עסטרייך, וואו ער האָט געזוכט אויפצורייצען די אַרבייטער צו אַן אויפ־שטאַנד.

אין אַפּריל 1917 האָט זיך לענין געאיילט קומען אהיים און האָט געקראָגען אַ זעלטען שעהנע אָוואַציע ווען זיין באַהן איז צוגעקומען צו פּעטראָגראַד. ער האָט באַטראַכט דעם פעלד און האָט דאַן געזאָגט צו די אַרבייטער: „איהר האָט געמאַכט דיזע רעוואָלוציע און זי באַלאַנגט דאַרום צו אייך. דערלאָזט ניט אַז

די אוזורפאַטאָרען זאָלען דאָס אַוועקנעהמען פון אייך, נעהמט אַריין די מאַכט אין אייערע אייגענע הענט!“ ווען די בור־זשואַזיע האָט באַוויזען אַז זי קען ניט רעגיערען איבער רוס־לאַנד האָבען די אַרבייטער, די סאָלדאַטען און די פויערען גע־פאָלגט לענין׳ס עצה און האָבען גענומען די רעגיערונג אין זייערע אייגענע הענט. זיי האָבען געמאַכט לענינ׳ען פאַר זייער פּרעמיער און זיי האַלטען איהם אין דיזען אַמט ביז איצטיגען טאָג.

לענין איז וואַרשיינליך די אַם מייסטענס פאַרהאַסטע און אַם מייסטענס באַליעבטע פּערזאָן אין גאַנץ אייראָפּא. די ליעבע פאַר איהם קומט פון די גרויסע פאָלקס־מאַסען. דער האַס צו איהם קומט פון דעם אַלטען געזינדעל פון פּריצים, לענדלאָרדס און קאַפּיטאַליסטען. אַ דוצען מאָל האָבען זיי שוין געזוכט צו טויטען איהם מיט מעסער, באָמבע און רעוואָלווער; צוויי מאָל האָט דעם פאַרשווערערס קויל דורכגעשניטען זיין קערפּער, אָבער ער לעבט נאָך אַלץ אום צו פּרעדיגען זיין גרויסע תורה פון רעוואָלוציע און אַרבייט. ער אַליין אַרבייט זעהר שווער, אַכ־צעהן שטונדען אין מעת־לעת. אַלס רעזולטאַט פון זיין אַרבייט וועט זיין אַ נייע געזעלשאַפט, אין וועלכער די אַרבייטער וועלען אַרבייטען בלויז זעקס שעה אַ טאָג, אָדער גאָר דריי שעה, פאַר־ברענגענדיג די איבעריגע צייט אין שפּייזען זייער מאַרך, אין הערען גוטע מוזיק, אין אַרומרייזען. לענין גלויבט אַז דאָס קומט אָן און קומט אָן שנעל.

ווען מען האָט באַריכטעט וועגען דעם טויט פון לענין אין דיזען לאַנד דעם 2טען סעפּטעמבער, 1918, האָט די „ניו יאָרק טיימס“ געשריבען:

„אַן אַמעריקאַנער.... וועלכער האָט געהאַט די זעלטענע געלעגענהייט צו דערקענען לענינ׳ען זעהר פון נאָהענט, אין דעם רעכטען מיט־פון דעם רוסישען הו־האַ, באַצייכענט איהם אַלס „דער גרעסטער שטאַאטסמאַן וואָס לעבט איצט אין אייראָפּא“.

„... ער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך דורכצופיהרען אין דער פּראַקטיק טעאָריען, וועלכע ער האָט געפּרעדיגט פאַר אַ סך יאָהרען איידער די רוסישע רעוואָלוציע איז געקומען. אין יענע יאָהרען האָט ער זיך דערטראַכט און האָט אויסגעאַרבייט אין

זיין געדאַנק אַ פּרינציפּ פון סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועלכער האָט איהם אויסגעצייכענט פון אַנדערע סאָציאַליסטען מיט זיין אונקאָמפּראָמיסליכען אַפּיעל צו דעם גייסט פון קלאַסען־אויפ־שטאַנד.

„דיזען גייסט, אַלס אַן אונבאַדינגטע וואַפּע אין דער קאָנ־סטרוקציאָן פון אַן אידעאַלען סאָציאַליסטישען שטאַאט, האָט ער געפּרעדיגט מיט אַלץ גרעסערער איבערצייגונג אין פאַרלויף פון היבשע יאָהרען דערפילענדיג דאָס... מיט עטוואָס וואָס האָט אין גאַנצען געפעהלט דער מאַרקסיסטישער דאָקטרין, נעמ־ליך, אַזאַ פּאָליטישע פאָרמע, אונטער וועלכער די עקאָנאָמישע שטרעבונגען פון איבערצייגטע סאָציאַליסטען זאָלען קענען דורכ־געפיהרט ווערען אין לעבען. דיזע פּאָליטישע פאָרמע האָט גע־פונען איהר אויסדרוק, אויף אַזוי ווייט ווי מעגליך, אין דער איצטיגער סאָוויעטען־רעגירונג.‟

**וועמען האָבען די רוסישע אַרבייטער ערוועהלט אַלס זייער קריעגס־קאָמיסאַר צו באַשיצען זיי געגען זייערע שונאים ?**

לעאָן טראָצקי (בראָנשטיין).

אין דעם יאָהר 1910 געפינען מיר טראָצקי'ן אין אַן אדע־סער טורמע, אין אַן איינצעל צעל. די קלאַגע געגען איהם איז געווען אַז ער האָט גערופען אַ פאַרזאַמלונג אין אַ וואַלד מיט דעם צוועק צו אָרגאַניזירען אַן אַרבייטער־יוניאָן. ווען מען האָט איהם באַפרייט האָט ער פאָרטגעזעצט די זעלבע אַרבייט. דאַן האָבען זיי איהם פאַרשיקט קיין סיביר. צוויי מאָל איז ער אַנט־לאָפען פון דאָרט, איין מאָל פאָהרענדיג אויף אַ וואָגען געשפּאַנט אין אַ הירש פאַר וואָסערע פינף הונדערט מייל איבער די צפונ'־דיגע שנעען. אַלס אַ קריעגס־קאָרעספּאָנדענט אין די באַלקאַנען האָט ער געוויזען די גרויזאַמקייטען פון ביידע צדדים. אָלגין זאָגט וועגען איהם:

„זיין הויז אין וויען איז געווען אַן אָרים הויז, אָרימער איידער די הויז פון אַן אַמעריקאַנער אַרבייטער וואָס פאַרדיענט 18 דאָלאַר אַ וואָך און ענטהאַלטענדיג פיעל ווענינער מעבעל איידער דאָס איז געווען אַבסאָלוט נויטיג פאַר באַקוועמליכקייט.

טראָצקי איז געווען אַן אָרימאַן זיין גאַנצען לעבען.“ אָבער זיין גייסט איז אַלע מאָל געווען רייך און פלאַמעדיג היים. ער איז קיינמאָל ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרען, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס די רוסישע געהיים־פּאָליציי האָט איהם פאַרפאָלגט און געיאָגט פון איין לאַנד אין דעם צווייטען. ער איז געקומען קיין ניו־יאָרק אין דעם יאָהר 1916, אָבער ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען איז ער גלייך אָפּגעפאָהרען אהיים. די ענג־לענדער האָבען איהם פאַרהאַלטען אין האַליפאַקס, אָבער ער איז ענדליך אָנגעקומען קיין פּעטראָגראַד, וואו ער איז באַגריסט גע־וואָרען מיט דער גרעסטער פרייד פון די פּעטראָגראַדער אַר־בייטער. דיזעלבע אַרבייטער האָבען איהם דערנאָך ערוועהלט אַלס דעם פּאָרזיצענדען פון זייער גרויסען סאָוויעט, פון דעם סאָוויעט פון דער רויטער קאָמונע.

טראָצקי האָט געזעהען ווי אַזוי די אַלטע רוסישע אַרמעע וואַרפט אַוועק די ביקסען און אַנטלויפט פון די טרענטשעס. און ער האָט געזאָגט: „דיזע אַלטע אַרמעע וועט זיך מעהר ניט שלאָגען, מוזען מיר דארום האָבען אַ נייע אַרמעע — אַ רויטע אַרמעע; דערווייל אָבער מוזען מיר האָבען פריעדען.“ און ער איז געפאָהרען אין ברעסט־ליטאָווסק און האָט דאָרט געזאָגט די דייטשע גענעראַלען אין פּנים אריין, אַז זיי זיינען רויבער, האַלז־שניידער און אימפּעריאַליסטען. ער האָט געזאָגט: „איהר שרייבט מיט אייער שווערד אויף די קערפּערס פון לעבעדיגע נאַציאָנען. איהר צווינגט אונז אונטערצושרייבען אַ שלום־אָפּ־מאַך מיט דעם שפּיץ פון אַ באַיאָנעט, אָבער ווען עס איז וועט איהר פאַלען, ענטוועדער פון די הענט פון אונזער רויטער אַר־מעע, אָדער פון אַ רעוואָלוציע אין אייער אייגען לאַנד.“

טראָצקי איז געווען גערעכט. ער איז כמעט אַלע מאָל געווען גערעכט.

„אויסער דעם... דענקט איהר אַז דער קאַפּיטאַליסטישער קאָנטראָל וועט בלייבען לעבען איבעראַל אויסער אין רוסלאַנד? איך ערוואַרט צו זעהען אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַלע קריעג־פיהרענדע לענדער פון אייראָפּאַ נאָך דיזער מלחמה. כל זמן זיי פאַרבלייבען אין די טרענטשעס טראַכטען די סאָלדאַטען זעהר ווייניג וועגען עפּעס אויסער זייערע באַלדיגע פּראָבלעמען

און דאָס איז ווי אַזוי אַוועקצוטויטען דעם גאַנצען איידער ער האָט זיי געטויטעט. אָבער ווען זיי וועלען זיך צוריקקעהרען אַהיים און וועלען געפינען זייערע פאַמיליעס צוריסען, זייערע היימען פיליכט פאַרלאָזען און חרוב, זייער אינדוסטריע רואי־נירט און זייערע טעקסעס פינף מאָל אַזוי שווער ווי פריהער, וועלען זיי אָנהויבען טראַכטען וועגען דעם ווי אַזוי דיזע שווי־דערליכע צורודערונג איז געבראַכט געוואָרען אויף זיי. זיי וועלען דאַן אָנהויבען באַגרייפען אַז דיזער געשלעג פון קאַפּי־טאַליסטען געגען קאַפּיטאַליסטען פאַר פרעמדע מאַרקען און פאַר קאָלאָניעס וואָס מען זאָל קענען עקספּלואַטירען, אַז דער אימפּעריאַליזם, די געהיימע דיפּלאָמאַטיע, און די קאָנקורענץ פאַר וואַפען־פּראָדוקציאָן צווישען די אַמוניציאָנס־פאַבריקאַנטען, האָבען דאָס פאַראורזאַכט אָט דיזע מלחמה. און אַזוי שנעל ווי זיי וועלען איינזעהען אַז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס איז פאַר־אַנטוואָרטליך פאַר דיזען שרעקליכען חורבן וואָס איז געבראַכט געוואָרען אויף דער מענשהייט, וועלען זיי זיך אויפהויבען און וועלען אַרויסרייסען דעם קאָנטראָל פון די הענט פון דיזען קלאַס. עס איז זיכער אַז אַ פּראָלעטאַרישע רוסלאַנד קען ווייט ניט אַוועקגעהן אין רעאַליזירען איהרע ציעלען אַזוי לאַנג ווי די גאַנצע וועלט פאַרבלייבט אונטער אַ קאַפּיטאַליסטישען רעזשים. אָבער דאָס וועט ניט פּאַסירען.“

## וועמען האָבען די אַרבייטער ערוועהלט אַלס קאָמי־סאַר פון בילדונג?

מ. לונאַטשאַרסקי.

לונאַטשאַרסקי איז איינער פון די אָנגעזעהענסטע שרייבער און געלעהרטע אין רוסלאַנד. „אונזער ערשטע שטרעבונג,“ האָט ער געזאָגט, „איז צו באַקעמפען די פינסטערניש. די הוצאות אויף פאָלקס־בילדונג דאַרפען זיין זעהר הויך. אַ פרייגיביגער בודזשעט פאַר פאָלקס־בילדונג איז די עהרע און דער שטאָלץ פון יעדען פאָלק.“ איצט באַזוכט יעדעס קינד אין רוסלאַנד אַ פאָלקס־שול. די קינדער פון די העכערע קלאַסען מוזען באַזוכען די זעלבע שולען וואָס די אָרימע, וואָרים אַלע פּריוואַטע שולען זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען.

איינער פון לונאטשארסקי'ס מיטארבייטער אין דער אר־בייט פון בילדונג איז מאקסים גארקי, איינער פון רוסלאנד'ס גרעסטע שרייבער. גארקי איז געווען געגען די באלשעוויקעס, אבער דא ניט לאנג איז ער צוגעשטאנען צו זיי.

## ווען האבען די רוסישע ארבייטער ערוועהלט אלס קאמיסאר פון פאלק־שוץ?

אלעקסאנדרא קאלאנטאי, א פרוי וועלכע האט, צווישען אנדערע, גרויסע ארבייטען פאר די מאסען, איינגעפיהרט דעם פאלאץ פון מוטערשאפט. קאלאנטאי איז איינע פון די אנגע־זעהענסטע סאציאלאגען אין רוסלאנד און האט אנגעשריבען א גרויסע צאהל ביכער וועגען מוטערס און קינדער.

צו א געוויסער צייט האט קאלאנטאי גערופען א מיטינג פון אלע ארבייטער אין איהר דעפארטמענט, אפילו פון די באדיענער.

„זי איז געווען זעהר אפענהערציג מיט זיי אויף דיזען מיטינג. רוסלאנד, האט זי ערקלערט, איז באנקראט; עס זיינען דא זעהר ווייניג מיטלען אויף אנצופיהרען די צדקה ארבייט; קיינער קען ניט קריגען קיין „גוטע" געהאלט; זי אליין וועט קריגען זעקס הונדערט רובעל א חודש, וואס איז די געהאלט פון יעדען קאמיסאר.

„דאס איז געווען א גרויסער קלאפ פאר די פראפעסיאנעלע סאציאלע ארבייטער, וועלכע האבען ביז דאן געקראגען אזוי הויך ווי צעהן טויזענד רובעל א יאהר. קאלאנטאי האט זיי נאך מעהר איבערראשט ווען זי האט זיי ערקלערט, אז פון איצט און ווייטער וועט יעדער איינער מוזען זיין אנוועזענד אויף די מיטינגען און אז מען וועט שענקען די זעלבע אויפמערקזאמ־קייט צו די פארשלאגען, וואס וועלען געמאכט ווערען פון די וואש־פרויען ווי צו די, וואס וועלען קומען פון די פראפעסיא־נעלע פילאנטראפיסטען.

„איך פלעג אריינקומען אין דעם אפיס פון קאלאנטאי אויף קאזאנסקאיא גאס און זי פלעגט זיך טיילען מיט מיר מיט פיעלע פון איהרע פראבלעמען. זי איז געווען זעהר גריהרט פון דעם וואס אזוי פיעל פון איהרע קלענערע אנגעשטעלטע האבען געענטפערט אויף איהר אפיעל צו העלפען אריבערקומען

דעם קריזיס. עס איז ווירקליך געווען איבערראשענד צו זעהן דאָס אזוי פיעל פון די איינפאַכע ניט געבילדעטע אַלטע דיענסטען האָבען באגריפען די אַרבייט. און ווען זיי האָבען באגריפען אַז זיי אַליין זיינען געווען אַ וויכטיגער טייל פון דעם גרויסען פּלאַן, האָבען זיי געאַרבייט פאַר זעכצעהן שטונדען אַ טאָג, העלפענדיג קאַלאָנטאַי, ווען זיי האָבען אַלע גערופען „קליינער חבר". — לואיז ברייענט אין „זעקס רויטע חדשים אין רוסלאַנד".

ווען האָט דער אַרבייטער־קלאַס פון רוסלאַנד אויס־געקליבען אַלס דעם קאָמיסאַר פאַר אויסערליכע אנגעלע־גענהייטען?

גריגאָרי טשיטשערין. ער שטאַמט פון אַ משפחה פון אַל־טע רוסישע דיפּלאָמאַטען. מיעד ווערענדיג פון די ליגענס און פון די גנבות פון דער אַלטער אָרדנונג, האָט ער רעזיגנירט פון דער רוסישער אַמבאַסאַדע אין לאָנדאָן און איז צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס.

קענען אָט די אַלע בעאַמטע אַרונטערגעזעצט ווערען?

די עקזעקוטיוו קאָמיטע קען זיי צוריקרופען צו יעדער צייט.

„וועהרענד דער קאָנטראָל פון די באָלשעוויקעס איז ניט גע־ענדערט אָדער געמינערט געוואָרען זינט די רעגיערונג האָט זיך געגרינדעט, איז אָבער די פאָרמע פון דער רעגיערונג אַזאַ אַז דיזער קאָנטראָל קען געענדערט ווערען צו יעדער צייט ווען די פויערען און די אַרבייטער וועלען נאָר וועלען מאַכען אַן ענ־דערונג." — מיידזשאָר טהעטשער.

צו וועלכער פּאַרטיי באַלאַנגען לענין, טראָצקי, לונאַ־טשאַרסקי, קאַלאָנטאַי און טשיטשערין?

זיי באַלאַנגען צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַלגעמיין באַקאַנט אַלס די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי.

וואָס מיינט דאָס וואָרט „באָלשעוויק"?

דאָס וואָרט „באָלשעוויק" אין דער רוסישער שפּראַך מיינט „איינער פון דער מאַיאָריטעט", אַלס אַ געגענזאַץ צו דעם וואָרט „מענשעוויק", וואָס מיינט „מינאָריטעט". עס איז אַ פּאַרטיי וואָס האָט די מאַיאָריטעט פון די אַרבייטער־פּאַרטרעטער אויף איהר זייט און פאָלגליך די מאַיאָריטעט פון די דעלעגאַטען צו

די סאָוויעטען. דיזע פּאַרטיי האָט געענדערט איהר נאָמען ניט לאַנג און זי רופט זיך איצט „די קאָמוניסטישע פּאַרטיי“. מען מוז אָבער קלאָר געדענקען, אַז וועהרענד די באָלשעוויקעס שטע־לען צונויף די הויפּט־פּאַרטיי אין די סאָוויעטען, זיינען אָבער דאָרט דאָ אַ סך אַנדערע פּאַרטייען.

## זיינען די באָלשעוויקעס אינטעליגענטע מענשען?

וואָס מעהר אַן אַרבייטער איז געבילדעט אַלץ מעהר שאַנסען זיינען דאָ פאַר דעם אַז ער זאָל ווערען אַ באָלשעוויק. די מאַט־ראָזען און די לאַטישען זיינען מעהר געבילדעט ווי די אַנדערע דורכשניטליכע מאַסען. כמעט יעדער איינער פון זיי קען לעזען און שרייבען און כמעט יעדער איינער פון זיי איז אַ באָלשעוויק.

## פאַר וואָס האָבען די רוסישע אַרבייטער אויסגע־קליבען פאַר זייערע פיהרער די באָלשעוויקעס און ניט קיין אַנדערע?

די אַנדערע פּאַרטייען אין רוסלאַנד האָבען געהאַט גאַנץ פעהיגע און גאַנץ ערנסטע מענשען, אָבער זיי האָבען בלויז גערעדט וועגען דעם, אַז מען דאַרף געבען די מאַסען דאָס וואָס זיי פאַרלאַנגען — לאַנד, שלום, די פאַבריקען. די באָלשעווי־קעס האָבען טאַקי געגעבען אָט די אַלע זאַכען צו די מאַסען.

## פאַר וואָס האָבען די פאָלקס־מאַסען ניט ערוועהלט אַלס זייערע פאָרשטעהער אַזעלכע באַקאַנטע רעוואָלו־ציאָנערען ווי ברעשקאָווסקאַיאַ, טשאַיקאָווסקי און קראַ־פּאָטקין?

דיזע פיהרער זיינען יעדער איינער מעהר אַלס זיבעציג יאָהר אַלט. זיי זיינען געווען גרויסע און נאָבעלע גייסטער, אָבער זיי האָבען פאַרלאָרען דעם צוזאַמענבונד מיט די מאַסען. זיי זיינען די פיהרער פון דער פאַרגאַנגענהייט. די מייסטע באָלשעוויס־טישע פיהרער זיינען יונגע מענשען. פיער פון יעדע פינף אין די סאָוויעטען זיינען אונטער דעם עלטער פון פינף־און־דרייסיג יאָהר. זיי זיינען די פיהרער פון דער געגענוואַרט און פון דער צוקונפט.

## פאַר וואָס האַלטען נאָך אַלץ די רוסישע פאָלקס־מאַ־סען די באָלשעוויקעס אין די עמטער?

א) זיי האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר גוטע און פעהיגע פיהרער, פאַר אַזעלכע וואָס האָבען דורכגעפיהרט דאָס וואָס די מאַסען האָבען געוואָלט. ב) דערפאַר וואָס די מייסטע באָלשע־וויסטישע פיהרער זיינען אַזעלכע וואָס זיינען אַרויס פון די רייהען פון די מאַסען גופא און פאַרשטעהען די אידעאַלען פון די מאַסען און רעדען די שפּראַך פון די מאַסען. ג) דערפאַר וואָס די קאַפּיטאַליסטען האָבען שטענדיג געשריען אַז די באָל־שעוויקעס זיינען מערדער און דייטשע אַגענטען. די פאָלקס־מאַסען ווייסען אָבער אַז דאָס אַלץ איז אַ ליגען און אַז די באָל־שעוויסטישע פיהרער זיינען די עהרליכסטע מענשען אין דער וועלט, מענשען וואָס קענען ברענגען קרבנות מעהר ווי אירגענד ווער אין דער וועלט.

„איך באהויפּט ניט אַז די באָלשעוויקעס זיינען מלאכים. דיזע מענער, וועלכע האָבען אויפגעבויט די סאָוויעטען־רעגיע־רונג אין רוסלאַנד, אויב זיי וועלען האָבען אַ נידערלאַגע, וועלען זיי פאַלען מיט ריינע הענט און מיט ריינע הערצער, שטרע־בענדיג צו אַן אידעאַל וואָס וועט בלייבען לעבען אויך נאָך זיי. אפילו ווען זיי וועלען האָבען אַ דורכפאַל וועלען זיי פונדעסט־וועגען האָבען אַריינגעשריבען אַ בלאַט אין דער געשיכטע וואָס איז געוואַגטער איידער אירגענד וועלכע בלאַט וואָס איך געדענק פון דער געשיכטע פון דער מענשליכער ראַסע. זיי שרייבען דיזע געשיכטע אונטער אַ רעגען פון שמוץ זייטענס אַלע געמיינע גייסטער אין זייער לאַנד, אין אייער לאַנד און אין מיין אייגען לאַנד. אָבער ווען דאָס אַלץ וועט זיין פאַרביי, וועט דאָס שמוץ פאַרשווינדען, פונקט ווי עס פאַרשווינדט די שוואַרצע קונסט אין מיטען טאָג און דאָס בלאַט, אויף וועלכען זיי האָבען גע־שריבען, וועט זיין פונקט אַזוי וויים ווי די שנעען פון רוסלאַנד און דאָס וואָס איז אָנגעשריבען דאָרט וועט זיין פונקט אַזוי העל ווי די גאָלדענע שפּיצען וואָס איך פלעג זעהן בליאסקענדיג אַנטקעגען דער זון ווען איך פלעג אַרויסקוקען פון מיין פענסטער אין פּעטראָגראַד.

„און ווען מענשען וועלען לייענען דיזען בלאַט אין די קינפ־טיגע יאָהרען וועלען זיי אורטיילען אייער לאַנד און מיינעם נאָך דעם ווי אַזוי מיר האָבען געהאָלפען אָדער געשטערט די, וואָס

האָבען דעם בלאַט געשריבען." — אַרטור ראַנסאָם, קאָרעספּאָנ־רענט פון דער לאָנדאָנער „דעילי ניוס".

„די באָלשעוויקעס האָבען מעהר פון אַלץ געהאָלפען צו מאַכען דיזע מלחמה ניט נאָר פאַר דעמאָקראַטיע, נאָר ענדליך אויך פון דעמאָקראַטיע און דורך דעמאָקראַטיע. די באָלשע־וויסטישע רעוואָלוציע איז איינע פון די ווירקזאַמסטע כחות צו מאַכען אַז די רעגיערונגען זאָלען זיין פאַראַנטוואָרטליך צו די פעלקער." — פּראָפעסאָר קאָלען, פון וויסקאָנסין אוניווערזיטעט.

## די רוסען און אַמעריקא

### אין וואָס באַשטעהט דער רעספּעקט וואָס די רוסען פיהלען צו אַמעריקא?

זיי האָבען גרויס רעספּעקט פאַר די שעהנע פּראָדוקטען פון אונזער אינדוסטריע און פאַר די וואונדערבאַרע מאַשינען אונזערע, באַזונדערס די אַגריקולטורעלע מאַשינען א. אַז. וו.

דורכפאָהרענדיג סיביר האָבען מיר דערזעהען אַ קליינעם רוס, וועלכער האָט געטראָגען אַ ביקס וואָס איז געווען אַזוי גרויס ווי ער אַליין. ער איז אַלט געווען אַן ערך זיבעצעהן יאָהר. ער איז געווען אַ באָלשעוויק און איז געגאַנגען קעמפען געגען סעמיאָנאָוו'ן, דעם קאָזאַצקען גענעראַל וואָס האָט זיך אונטער־נומען צו פאַרניכטען די אַרבייטער־רעפּובליק. ווען ער האָט אויסגעפונען אַז מיר זיינען אַמעריקאַנער איז ער געוואָרען ווילד פאַר שמחה. „איך אַרבייט אין די באַהן פאַבריקען," האָט ער געזאָגט, „און איך האָב ליעב יענע פּאַראָוואָזען, וועלכע זיינען אַזוי גרויס, אַזוי פול מיט דאַמף און אַזוי פאַרטיג צו שלעפּען די גרויסע צוגען איבער דער באַהן־ליניע. איך פיהל ווי צו קושען זיי. און איהר אַמעריקאַנער, איהר מאַכט דאָס די בעסטע פּאַראָוואָזען אין דער וועלט. איך האָב אייך ליעב דערפאַר."

### וואָס זיינען די אַמעריקאַנער זאַכען וואָס די רוסען האָבען ניט ליעב?

זיי האָבען ניט ליעב אונזערע בלעקליסטען און אונזערע לאָקאַוטס, אונזערע געדונגענע מערדער צו שלאָגען סטרייקערס און דאָס וואָס אונזערע רייכע לעבען אין פּאַלאַצען און אונזערע

אָרימע וואווינען אין שמוץ. זיי האָבען ניט ליעב די אַרט און ווייזע ווי אַזוי אַמעריקא באהאַנדעלט אַזעלכע מענשען ווי מוני און אַנדערע קעמפער פאַר דער זאַך פון די אַרבייטער.

„כמעט אַלע באַטראַכטען אַמעריקא אַלס אַ הילפלאָזע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט און ריכטען זיך׳ אַז אין אַ פּאָר יאָהר אַרום וועט רוסלאַנד פיעל אַריבערשטייגען אַמעריקא אין דער רעאַליזירונג פון דעמאָקראַטיע.“ -- פּראָפעסאָר ראָס פון וויסקאָנסין אוניווערזיטעט.

## וואָס נאָך האָבען די רוסען ניט ליעב אין די אַמעריקאַנער?

זיי האָבען ניט ליעב דאָס וואָס מיר זיינען אַזעלכע עם־הארצים אין דער אַלוועלטליכער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זיי קוקען אויף אונז ווי אויף אַ נאַציאָן פון פּאָליטישע גראָבע יונגען, וואָרים פיער פון יעדע פינף רוסען זיינען סאָציאַליסטען.

„כמעט יעדער איינער אין רוסלאַנד איז אַ סאָציאַליסט, דער איינציגער אונטערשיעד דאָרט איז נאָר אין דער מאָס... פאָלגליך, די איינבילדעניש אין געוויסע ענגלישע און אַמעריקאַנער קרייזען אַז מען דאַרף נעהמען דיזע איינפאַכע נאַטור־קינדער פאַר דער האַנד און אַריינפיהרען זיי אין די פאָרבאַרייטונגס־שולען פון די דעמאָקראַטישע פּרינציפּען פון טהאָמאַס דזשעפערסאָן און לאָיד דזשאָרדזש, איז פּשוט לעכערליך... צווישען די רוסען האָט די עוואָלוציע שוין לאַנג אַריבערגעשפּאַנט דיזע פּרימיטיווע גרעניצען און דעמאָקראַטיע פאַר זיי מיינט פונקט אַזוי פיעל אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע ווי דאָס רעכט צו שטימען, און אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע מיינט ביי זיי די צוטיילונג פון די פּראָדוקטען פון דער אינדוסטריע צווישען די, וועמעס ארבייט האָט געשאַפען דיזע פּראָדוקטען.

„אין אַנדערע ווערטער, עס מיינט די פאַקטישע אָפּשאַפונג פון דיווידענטען און פּראָצענטען און זיי האָפען דורך דעם צו מאַכען אַן ענדע צו עלענד אויף איין זייט און צו לוקסוס אויף דער אַנדער זייט.

„צוליעב געוויסע אורזאַכען, וואָס מען וועט קיינמאָל ניט קענען ערקלערען, איז דאָס געוועזען כמעט אונמעגליך אַז אויך אין

אמעריקא זאָל מען אנערקענען אָט דיזע פאַקטען.“ — טשאַרלז עדוואַרד ראָסעל אין זיין בוך „רוסלאַנד באפרייט פון די קייטען“.

**וואָס איז דער שורש פון די אָנגעצויגענע באציהונגען צווישען רוסלאַנד און אַמעריקא?**

עס איז אַ מיספאַרשטענדנים. די אַמעריקאַנער זיינען אונטער דעם איינדרוק, אַז די אַמעריקאַנער רעגיערונג איז די בעסטע אין דער וועלט און אַז רוסלאַנד דאַרף האָבען פונקט אַזאַ רעגיערונג און פונקט אַזאַ געזעלשאַפטליכע אָרדנונג ווי אַמעריקא. די רוסען דענקען ניט אַזוי. זיי ווילען האָבען אַן אייגענע פאָרמע פון רעגיערונג, אַ סאָוויעט, איינעם פון די גרעסטע און נייעסטע עקספּערימענטען אין דעמאָקראַטיע.

**האָבען אָבער די רוסען גענוג בילדונג צו רעגיערען זיך אַליין?**

ווערהענד עס איז אמת אַז פולע זעכציג פּראָצענט פון זיי קענען ניט לייענען און שרייבען, זיינען זיי פונדעסטוועגען אינטעליגענטע מענשען.

ראָדזיאַנקאָ, דער געוועזענער פּאָרזיצענדער פון דער דומא, האָט מיר דערצעהלט, אַז אַ פראַנצויזישער אינזשיניער איז אַמאָל געקומען צו איהם אין זיין אימעניע צונויפשטעלען אַ דאַמף־מאַשין פאַר זיין זעג־מיהל. ער האָט געאַרבייט גאַנצע דריי טעג, אָבער די מאַשין איז ניט געגאַנגען. דאַן האָט איינער פון די אַלטע פויערען, וואָס האָבען געאַרבייט ביי איהם, אַ זאָג געטאָן: „לאָמיך פּרובען דאָס צוזאַמענשטעלען.“ אין איינע פינף מינוטען איז די מאַשין געווען צוזאַמענגעשטעלט און האָט געאַרבייט אויסגעצייכענט.

ראָדזיאַנקאָ האָט מיט דעם געוואָלט באַווייזען די נאַטירליכע אינטעליגענץ פון די רוסישע מאַסען. זיי האָבען ניט געלערנט קיין ביכער, אָבער זיי האָבען געלערנט דאָס לעבען. און מיט דיזען סאָרט פון שכל, וועלכער איז ניט איינגעקרעמפּט אין טראַדיציע אָדער איינגעוויקעלט אין פּאָראורטייל, קוקען זיי אויף אַלע לעבענס־פראַגען.

**פאַרשטעהען די רוסען גענוג די גרויסע סאָציאַלע און געשעפטס פּראָבלעמען, אַז זיי זאָלען קענען אָרגאַניזירען אַ גרויסע נייע געזעלשאַפט?**

דער דורכשניטליכער רוסישער אַרבייטער פאַרשטעהט אַ סך בעסער די אַלע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פראַגען ווי עס פאַר־שטעהט זיי דער אַזוי־גערופענער געבילדעטער אַמעריקאַנער. די אַרבייטער און די פּויערען פון רוסלאַנד לייענען, אָדער זעהען אַז מען זאָל פאַר זיי לייענען, צעהנדליגע טויזענדע צייטונגען און פּאַמפלעטען. דיזע צייטונגען און פּאַמפלעטען קענען ניט פאַרגליכען ווערען מיט די ביליגע סענסאַציאָנעלע בלעטלאך פון אַמעריקא, זיי זיינען אַלע סאָלידע, שטאַרקע זשורנאַלען. אַמע־ריקא האָט געשיקט הונדערטע מענער צו „בילדען“ די רוסישע אַרבייטער, אָבער דער דורכשניטליכער רוסישער אַרבייטער ווייס צוויי מאָל אַזוי פיעל וועגען די גרויסע סאָציאַלע פּראָבלעמען ווי דאָס ווייסען יענע מענער, וועלכע זיינען געקומען אַהין צו „בילדען“ די מאַסען.

„ווי אַזוי איז דאָס געווען מעגליך, אַז אַזאַ מאַסע ווי די רוסען זיינען, מענשען וואָס ווערען באַטראַכט פון געלערנטע אַלס אונוויסענדע און תמ׳עוואַטע, זאָלען זיך אָנכאַפּען אָן אַ סאָציאַלער פילאָזאָפיע, וואָס איז אַזוי ניי פאַר דער איבעריגער וועלט און אַזוי פיעל פאָרטגעשריטענער ווי די איבעריגע וועלט? ... דער „צוריקגעשטאַנענער רוס ... האָט אויפגענומען דיזען באַגריף... וועלכער איז ווייט ניט אַזוי אײנפאַך, ווייט ניט אַזוי רוי, נאָר איז גראַדע פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרען פון אַ סך גרויסע דענקער, פון וועמען אונזער פאָרטגעשריטענע וועלט האָט פּאַקטיש ניט געהערט נאָך. מיר שיינט, אַז מיר האָבען דאָ פאַר זיך אַ וואונדערבאַרע ערשיינונג, וואָס איז פון זעהר גרויסען היסטאָרישען ווערט און איבער וועלכען מען דאַרף זיך פאַרטראַכטען.“ — „רוסלאַנד באַפרייט פון די קייטען“.

אָבער צוליעב וואָס דעבאַטירען וועגען רוסלאַנד׳ס פעהיג־קייט צו אָרגאַניזירען אַ רעגיערונג? ווארום ניט אָננעהמען דעם פאַקט ווי ער איז, אַז זיי האָבען אָרגאַניזירט אַ גרויסע, אַ נייע רעגיערונג — די סאָוויעטען?

## האָבען די סאָוויעטען געבעטען הילף ביי אַמעריקא?

זיי האָבען געבעטען און האָבען געוואָלט געבען צו אַמע־ריקא געוויסע קאָנצעסיעס פאַר דער הילף.

„עס האָט פּאַסירט אַ סך מאָל אַז דער אַמעריקאַנער רויטער קרייץ איז געבעטען געוואָרען אַז ער זאָל אַרבייטען אַקטיוו מיט די פאַרשידענע דעפּאַרטאַמענטען פון דער סאָוויעטען־רעגיערונג, אַריינגערעכענט אַ פאָרשלאַג אַז דער אַמעריקאַנער רויטער קרייץ זאָל נעהמען אונטער זיין אויפזיכט די גאַנצע שפּייז־אַדמיניסטראַציע פון פּעטראָגראַד; אַז ער זאָל נעהמען אויף זיך די אויפזיכט איבער די טראַנספּאָרטען פון שפּייז פון סיביר און אַז ער זאָל האָבען די אויפזיכט איבער דעם איינ־קויפען פון שפּייז פאַר דער סאָוויעטען־רעגיערונג אין כינאַ און זאָל באַזאָרגען דעם טראַנספּאָרט פון דיזע שפּייזען איבער סיביר. די סאָוויעטען־רעגיערונג האָט געזוכט די הילף פון די עלאַיס צו אָרגאַניזירען אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמעע פון פריי־וויליגע, מיט וועלכער זי זאָל קענען ווידערשטעהן די דייטשע הערשאַפט. קיין זאַך קען ניט געטאָן ווערען אין רוסלאַנד אָהן אַ מיטאַרבייטערשאַפט מיט דיזער (סאָוויעטען) רעגיערונג.“ — דער באַריכט פון מיידזשאָר טהאָמאַס ד. טהעטשער פון דער אַמעריקאַנער מיסיע פון רויטען קרייץ אין רוסלאַנד.

האָבען די סאָוויעטען געגלויבט אַז זיי וועלען קריגען הילף פון אַמעריקא?

זיי האָבען געגלויבט אַז יאָ. וואָרים פּרעזידענט ווילסאָן האָט געזאָגט: „מיר קעמפען פאַר דער פרייהייט, פאַר דער זעלבסטפאַרוואַלטונג און פאַר דער ניט־דיקטירטער ענטוויק־לונג פון אַלע פעלקער“ און ער האָט געשיקט אַ מעסעדזש צו דעם רוסישען פאָלק דורך דעם גרויסען אַל־רוסישען סאָוויעט, פאַרשפּרעכענדיג הילף צו רוסלאַנד.

האָבען די פיהרער פון די סאָוויעטען געגלויבט אין דער פאַרזיכערונג פון פּרעזידענט ווילסאָן אַז ער וועט העלפען רוסלאַנד?

אַ סך האָבען געקוקט אויף דעם זעהר סקעפּטיש, אָבער די מייסטע פון צווישען די מאַסען האָבען געגלויבט אַז דאָס האַרץ פון דעם גרויסען אַמעריקאַנער פאָלק סימפּאַטיזירט מיט זיי.

ווען דער סאָוויעט פון וולאַדיוואָסטאָק איז אַרונטערגע־וואָרפען געוואָרען פון די טשעכאָ־סלאָוואַקען, האָבען די גרויזש־טשיקעס (די שיפס־אָנלאָדער) זיך אַ לאָז געטאָן צו פאַרטיידיגען

די געביידע פון רויטען שטאַב. זיי זיינען געווען אין גאַנצען צוויי הונדערט אין צאָהל און זיי זיינען געווען אַרומגערינגעלט פון צוואַנציג טויזענד ענגלענדער, יאַפּאַנעזער און טשעכאָ־סלאָ־וואַקען, אָבער זיי האָבען זיך ענטזאַגט פון אונטערצוגעבען זיך ביז מען האָט ניט אונטערגעצונדען די געביידע דורך אַ פּייער־באָמבע. די אַרבייטער פון וולאַדיוואָסטאָק האָבען צוזאַמענ־געקליבען די קערפּערס פון זייערע טויטע קאַמעראַדען און האָבען געמאַכט פּראָסטע טרונעס פאַר זיי, וועלכע זיי האָבען אָנגע־פאַרבט אין רויטען. דעם פערטען יולי האָבען זיבעצעהן טוי־זענד פון דיזע אַרבייטער געשטראָמט איבער די גאַסען אין דער לויה־פּראָצעסיע. זייערע סאָוויעטען זיינען פאַרניכטעט גע־וואָרען, די רעגיערונג וואָס איז געווען זייערע איז אַרויסגעריסען געוואָרען פון זייערע הענט. פון אַלע זייטען זיינען זיי געווען אַרומגערינגעלט מיט די פּושקעס און מיט די קריעגסשיפען פון זייערע שונאים. זייערע הערצער זיינען געווען שווער פון טרויער און פאַרביטערונג.

פּלוצלינג האָט אַ מאַטראָז גענומען מאַכען מיט די הענט און האָט אויסגעשריען: „חברים, חברים, מיר זיינען ניט אַליין! מיר זיינען ניט אַליין! גיט אַ קוק אויף די פאָהנען וואָס פלאַ־טערען דאָרט אויף דער אַמעריקאַנער שיף „ברוקלין“! און צו־זאַמען מיט די פאָהנען פון אַלע נאַציאָנען געפינט זיך דאָרט די רויטע פאָהן פון אונזער רעפּובליק. ניין, קאַמעראַדען, מיר זיינען ניט אַליין אין אונזער טרויער. די אַמעריקאַנער פאַר־שטעהען אונז און זיי זיינען מיט אונז!“

עס איז געווען אַ טעות, פאַרשטעהט זיך. דיזע פאָהנען זיינען אויסגעהאנגען געוואָרען צוליעב דעם יום־טוב פון אַמע־ריקא'ס זעלבסטשטענדיגקייט. אָבער דיזע אַרבייטער האָבען פון דעם ניט געוואוסט. פאַר זיי איז דאָס געווען ווי די פּלוצ־לינגע באַריהרונג פון אַ פריינד'ס האַנד פאַר אַן איינזאַמען וואַנדערער אין אַ פרעמד לאַנד. זיי האָבען אונטערגעכאַפּט דעם אויסרוף פון דעם מאַטראָז מיט אַ געשריי: „די אַמעריקאַנער זיינען מיט אונז!“ און די גרויסע מאַסע אַרבייטער האָבען ווידער אויפגעהויבען זייערע טרונעס, זייערע קראַנצען בלומען

און זייערע באַנערס און האָבען זיך ווידער גענומען ריהרען. מיער ווי זיי זיינען געווען פון שטעהן אַ גאַנצען טאָג אויף די פיס אונטער דער ברענענדער זון, האָבען זיי אָנגעלייגט אַ סך וועג אום צו קענען גרייכען די גאַס, וואָס לויפט באַרג אַרויף און וואו עס געפינט זיך דער אַמעריקאַנער קאָנסולאַט. אין אַ וואָלקען פון שטויב זיינען זיי געטראָטען מיט מיעדע טריט איבער דעם קרומען באַרג, זינגענדיג וועהרענד זיי האָבען געמאַרשירט, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו די „שטערען און פאַסען" וואָס האָבען געפלאַטערט פון אַ הויכען סלופּ. דאָרט האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט און האָבען אַוועקגעשטעלט זייערע טרונעס אונטער דער פאָהן פון דער גרויסער דעמאָקראַטיע פון מערב.

זיי האָבען געוואוסט, אַז פּרעזידענט ווילסאָן האָט פאַרזיכערט אַז ער וועט העלפען און וועט זיין לאָיאַל צו די רוסישע פאָלקס־מאַסען. זיי האָבען געדרונגען: „מיר, די אַרבייטער און פויערען דאָ, די ריעזיגע מאַיאָריטעט פון וולאַדיוואָסטאָק, זיינען מיר דען ניט די פאָלקס־מאַסען? היינט, אין אונזער צרה, קומען מיר פאָדערען די צוגעזאָגטע הילף." און זיי זיינען געקומען, ברענגענדיג מיט זיך זייערע טויטע און מיט דעם גלויבען אַז פון אַמעריקא וועט קומען צו זיי דאָס מיטגעפיהל און טרויסט. אַמעריקא איז געווען זייער איינציגער פריינד און האָפנונג.

אָבער אַמעריקא האָט ניט פאַרשטאַנען. דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט אפילו ניט געהערט פון דעם. אָבער דיזע רוסישע פאָלקס־מאַסען האָבען ניט געוואוסט דערפון, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט אפילו ניט געוואוסט פון דעם. אַלץ וואָס זיי ווייסען איז, אַז אין אַ פּאָר וואָכען אַרום נאָכדעם ווי זיי האָבען געמאַכט דיזען אַפּיעל, האָבען אַמעריקאַנער סאָלדאַטען געלאַנדעט אין זייער לאַנד.

און איצט זאָגען זיי איינער צו דעם אַנדערען: „ווי נאַריש מיר זיינען דאָס געווען צו שטעהן דאָרט, אין היץ און שטויב, מיט אויסגעשטרעקטע הענט, אַזוי ווי בעטלער."

וואָס ווערט באַצוועקט מיט דער אינטערווענציע?

צו ברענגען אָרדנונג אין דעם לאַנד און צו שאַפען דאָרט אַ פעסטע און דויערהאַפטע רעגיערונג.

און וואָס האָט מען אויפגעטאָן מיט דער אינטער־ווענציע אין רוסלאַנד?

, 1) מען האָט אומגעשטירצט די רעגיערונג פון די סאָוויע־טען אין סיביר, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף די ארבייטער און די פויערען, און מען האָט געשטיצט די אָמסקער רעגיערונג, וועלכע איז אַ רעגיערונג פון קאָזאקען גענעראַלען, מאָנאַרכיס־טען, לאַנד־אייגענטימער און אַ פּאָר אַלטע סאָציאַליסטען־רע־וואָלוציאָנערען. 2) מען האָט געבראַכט צורודערונג, מאָרד און הונגער צו די גרויסע מאַסען פון אַרבייטער און פויערען. ווען דער סאָוויעט פון וולאַדיוואָסטאָק איז עטאַבלירט געוואָרען איז קיין איין נפש ניט געטויטעט געוואָרען; אָבער די אומשטיר־צונג פון דיזען סאָוויעט האָט געפיהרט צו די רעזולטאַטען, אַז פּאָר אַ שטרעקע פון 150 מייל זיינען טויזענדע אַרבייטער און פויערען געטויטעט און פאַרוואונדעט געוואָרען און אַז אַלע קריעגסשיפען, אַלע האָספּיטעלער און אַלע סקלאַדען אין און אַרום וולאַדיוואָסטאָק זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט די קרבנות פון דער אינטערווענציע. 3) מען האָט אָפּגעשניטען די גרויסע שטעדט, ווי מאָסקווע און פּעטראָגראַד, פון די שפּייז־סקלאַדען פון סיביר. 4) מען האָט פאַרוואַנדעלט די נאַטירליכע ליעבע פון די רוסען צו אַמעריקא אין האַס פאַר איהר.

## רעדעס וואָס זיינען געהאַלטען געוואָרען ביי דער לויה פון די מאַטראָזען, וואָס זיינען געפאַלען טויט פון די הענט פון די טשעכאָ-סלאָ-וואַקען און יאַפּאַנעזער, ווערענד זיי האָבען פאַרטיידיגט דעם וולאַ-דיוואָסטאָקער סאָוויעט

### די רעדע פון אַ פויער

„מיין גאַנצען לעבען האָב איך פאַרבראַכט אין אַרבייט און אין שרעק. אַ סך וועהטאָג, און פייניגונגען, און מאָרדען האָבען מיר דערקענט אין די טעג פון דעם צאַר. דערנאָך איז געקומען

דער מאָרגען פון דער רעוואָלוציע און אָט די אַלע איבלען זיינען אוועק. די אַרבייטער און די פּויערען זיינען געוועזן זעהר גליקליך און אויך איך בין געוועזן גליקליך. אָבער פּלוצלינג, אין רעכטען מיטען פון אונזער פרייד, איז געקומען דיזער קלאַפּ, ווידער איז אַלץ געוואָרען פינסטער פאַר אונז. עס גלויבט זיך אונז גאָרניט, אָבער דאָ, טויטע און קאַלטע, ליגען פאַר אונז אונזערע ברידער און חברים, וואָס האָבען געקעמפּט פאַר די סאָוויעטען. און אויף דעם צפון פאַלען אַנדערע חברים אַנטקעגען די ביקסען. מיר הערען זיך צו, מיר שטרענגען אָן אונזערע אויערען צו דערכאַפּען די שטימע פון די פּויערען און די אַר־בייטער פון אַנדערע לענדער, וואָס קומען אונז ראַטעווען. אָבער אומזיסט. אַלץ וואָס מיר הערען איז דעם קלאַנג פון די ביקסען אויף דעם צפון."

## די רעדע פון אַ פּרוי

„די גאַנצע צייט אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבען מיר, פרויען, צוגעזעהן ווי אַזוי מען האָט אַוועקגעפיהרט אונזערע מענער אין דער מלחמה, וועהרענד מיר זיינען געבליבען וויינען אין דער היים. די וואָס האָבען געהערשט איבער אונז האָבען אונז דערצעהלט אַז אַזוי דאַרף דאָס זיין און אַז דאָס איז פאַר אונזער שטאָלץ. יענע מלחמות זיינען געווען ווייט אַוועק פון אונז און מיר האָבען ניט פאַרשטאַנען. אָבער דאָ זיינען אונ־זערע מענער געטויטעט געוואָרען פאַר אונזערע אויגען. דאָס האָבען מיר יאָ פאַרשטאַנען. און מיר פאַרשטעהען, אַז אין דעם איז ניטאָ ניט קיין רעכט און ניט קיין ערליכקייט. ניין, עס איז געווען אַ ברוטאַלע און אַ האַרצלאָזע אומרעכט און יעדעס קינד וואָס וועט געבאָרען ווערען פון די מוטערס פון דעם אַר־בייטער־קלאַס וועט הערען די געשיכטע פון דיזען אומרעכט."

## די רעדע פון אַ סטודענט

„מיר זיינען געווען סטודענטען און קינסטלער. עס האָט אונז אויסגעזעהן נאַריש, אַז די אַרבייטער זאָלען קענען זיך אַליין רעגירען אָהן די עצות פון די קלוגע. אָבער איצט ווייסען מיר אַז מיר זיינען געווען אומגערעכט און אַז איהר זייט געווען גערעכט. פון איצט אָן און ווייטער וועלען מיר שטעהן

מיט אייך. דאָס וואָס איהר וועט טאָן דאָס וועלען מיר טאָן. מיר שווערען, אַז אונזערע צינגער און אונזערע פעדערען וועלען דערצעהלען די געשיכטע פון דיזען אומרעכט וואָס איז באַגאַנגען געוואָרען געגען אייך, איבער גאַנץ רוסלאַנד און איבער דער גאַנצער וועלט!"

## די רעדע פון קאָנסטאַנטין סוכאַנאָוו, דעם פאָרזיצענדען פון דעם אומגעשטירצטען סאָוויעט

„דאָ, בעפאָר דער געביידע פון דעם רויטען שטאַב, וואו אונזערע חברים נאַגרוזשטשיקעס זיינען ערמאָרדעט געוואָרען, שווערען מיר ביי די רויטע טרונעס, אין וועלכע עס ליגען זייערע קערפּערס, ביי זייערע ווייבער און קינדער וואָס ווייגען נאָך זיי, ביי די רויטע באַנערס וואָס פלאַטערען איבער זיי, אַז דער סאָוויעט פאַר וועלכען זיי זיינען געשטאָרבען וועט ווערען די זאַך פאַר וועלכער מיר זאָלען לעבען, אָדער, ווען נויטיג, שטאַרבען, פּונקט ווי זיי, פאַר דעם. פון איצט אָן וועט די ווידער־ערלעבונג פון דעם סאָוויעט זיין דער ציעל פון אַלע אונזערע אָפּפערס. פאַר דיזען ציעל וועלען מיר קעמפען מיט אַלע מעג־ליכקייטען. מען האָט אַרויסגעריסען די באַיאָנעטען פון אונ־זערע הענט, אָבער ווען דער טאָג וועט אָנשטעהן און מיר וועלען נאָך אַלץ ניט האָבען קיין ביקסען וועלען מיר קעמפען מיט שטע־קענס און קלאָבס. און ווען דאָס וועט אויסגעהן וועלען מיר קעמפען מיט אונזערע בלויזע קולאַקעס און קערפּער. דערוויי קענען מיר קעמפען בלויז מיט אונזער שכל און מיט אונזער גייסט. לאָמיר זיי מאַכען האַרט און אומבאַזיעגבאַר. דער סאָוויעט איז טויט, לאַנג לעבען זאָל דער סאָוויעט!"

דער גרויסער עולם האָט אונטערגעכאַפּט די לעצטע ווערטער מיט אַ דונערדיגען אויסגעשריי, אויסגעמישט מיט די קלאַנגען פון דער „אינטערנאַציאָנאַל".

„ערוואַכט איהר . . .

צום קאַמף צום לעצטען נעהמט די וואַפען
ערוואַכט איהר אונטערדריקטע קנעכט!
ערוואַכט איהר הונגעריגע שקלאַפען,
און זיעגען פרייהייט וועט און רעכט!"

# פארלאג „אוואנגארד“

שוין ערשינען:

1.) די מיליטערישע אינטערווענשאן אין רוסלאנד.
פון א. ליעסין .................... 5ס.

2.) די הויפט־אויפגאבע פון אונזער צייט.
פון ניקאלאי לענין .................... 5ס.

3.) די פאליטישע פארטייען אין רוסלאנד.
פון ניקאלאי לענין .................... 10ס.

4.) איך באשולדיג.
פון פרידריך אדלער .................... 15ס.

5.) די באלשעוויקעס און די סאוויעטען.
פון אלבערט ר. וויליאמס .................... 15ס.

6.) די קאנסטיטוציע פון דער רוסישער סאוויעטען־
רעפובליק .................... 10ס.

7.) א בריעף צו די אמעריקאנער ארבייטער.
פון ניקאלאי לענין .................... 10ס.

בוך־הענדלער און ארגאניזאציאנען קריגען רעגולער דיסקאונט.
שיקט אייערע ארדערס צו:

**VANGUARD PUBLISHING**

179 East Broadway New York, N. Y.